ל. נ. טאָלסטאָי.

# דער טייוועל.

ערצעהלונג.

איבערזעצט פון רוסישען

ל. גאָלדבערג.



מיט ביאָגראפיע און איינלייטונג

פון י. א. לייזעראָוויץ.





ווארשא, תרע"ד.

פערלאג „אוניווערסאל", דזיקא 7.

* *
*

גראַף ליעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי איז געבוירען געוואָרען אין 1828-טען יאָהר. ער שטאַמט פון דעם גרעסטען יחוס אין רוסלאַנד. זיינע אור-עלטערן זענען שוין געווען באַקאַנט אין לאַנד אין דער צייט פון איוואַן דעם גרויזאַמען און האָבען פערנומען שוין דאַן אַנ'אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין פּאָליטישען לעבען. ליעוו ניקאָלאַיעוויטש איז אַלט געווען אַ יאָהר ניין, ווען ער איז שוין געוואָרען אַ יתום אָהן פאָטער און אָהן מוטער. דער טויט פון זיינע עלטערן האָט אויף איהם געמאַכט אַנ'ערשיטערענדען איינדרוק, פון וועלכען ער האָט זיך דאָס גאַנצע לעבען נישט געקאָנט באַפרייען. דער דאָזיגער איינדרוק פון דער אייביגער געהיימניש לאָזט זיך פיהלען אין פערשיעדענע ווערק פון דעם דאָזיגען געניאַלען שריפטשטעלער, ווי אין דער ערצעהלונג „די קינדהייט“, „דער טויט פון איוואַן איליאיטש“ און אַנדערע. ביז'ן יאָהר 1847 איז ער געווען אין קאַזאַנער אוניווערזיטעט, נאָר איידער ער האָט נאָך זיין שטודיום—יוריספּרודענץ—געענדיגט, איז ער פון דאָרט אַרויסגעטראָטען און זיך בעזעצט אין זיין גוט „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ“ (טולער גובערניע). אין יאָהר 1851 איז ער אַריינגעטראָטען אין דער אַרמעע אויף קאַווקאַז. די רוסישע מיליטער האָט אין יענער צייט אויף קאַווקאַז נאָך געמוזט אָפט אויסשטעהן פערשיעדענע אָנפאַלען און צוזאַמענשטויסונגען פון די אָרטיגע איינגענומענע שבטים. אין די דאָזיגע קליינינשקע מלחמות האָט זיך בעטייליגט אויך ליעוו ניקאָלאַיעוויטש און ער האָט עס שפּעטער אַלס שריפטשטעלער געשילדערט אין זיינע ערצעהלונגען „קאָזאַקען“, „דער אָנפאַל“ און אַז. וו. זיין ליטעראַרישע קאַריערע הויבט אָן דער גראַף אין יאָהר 1852. דאָס ערשטע ווערק זיינע איז גע-

װען „די קינדהייט“, װעלכע האָט באַלד געװאונען די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער קריטיק און פון דעם לעזער. װען ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען דער „מזרח־קריעג“, זעהען מיר טאָלסטאָי'ען אויפ'ן מלחמה־פּלאַץ אין דער רוסישער אַרמעע. דאַן האָט ער אָנגעשריבען זיינע בעקאַנטע „סעװאַסטאָפּאָלער ערצעהלונגען“ און װערט שוין שטאַרק בעריהמט אַלס קינסטלער. זיינע בע־זונדערע איינענשאַפטען װי אויך זיינע אָריגינעלע אָנשויאונ־גען שטערען איהם אָבער זיך צו פריינדלען מיט די איבעריגע בעקאַנטע דענסטמאָלדיגע שריפטשטעלער. פון דער מלחמה אין קרים איז ער נעקומען קיין פעטערבורג; פון דאָרטען אָבער איז ער ניך אַװעקגעפאָהרען קיין אויסלאַנד, װאו ער האָט גע־װאָלט זיך שאַפען בריטערע בילדונג און נייע איינדריקען. דאַן שטאַרבט איהם זיינער אַ ברודער, װעלכען ער האָט זעהר ליעב געהאַט, און װידער האָט דער טויט פון אַ נאָהנטען און ליעבען מענשען שרעקליך נעדריקט אויפ'ן ברוסט פון יונגען קינסטלער. טאָלסטאָי האָט זיך אומגעקעהרט קיין רוסלאַנד און אין אַ שװע־רער שטימונג האָט ער פערבראַכט אַ גאַנץ יאָהר. דאַן האָט ער אָנגעשריבען זיינע בעװאוסטע ערצעהלונגען „אַלבערט“ און „ליוּ־צערן“. אין יאָהר 1861 נעהמט ער זיך פאַר געזעלשאַפטליכער און װאָלטהעטינער טהעטיגקייט. אָבער כדי צו זיין װי גע־העריג איז פאָרבערייטעט צו דעם, איז ער װידער געפאָהרען אי־בער איראָפּע, מיט'ן צװעק צו בעקענען זיך מיט די מעטאָדען פון אונטעררילכט אין די קינדער־שוהלען, מיט דער אָרדנונג אין די טיורמעס, מיט דער ראַציאָנעלער אַרט פון װאָהלטהעטיגקייט. פון דער דאָזיגער רייזע האָט ער זיך צוריקגעקעהרט קיין „יאַס־נאַיאַ פּאָליאַנאַ“. בעטרעטענדיג די שטעל פון אַ „פריעדליכען פערמיטלער“ (מיראָװאָי פּאָסרעדניק), האָט ער זיך איבערהויפּט אָבגענעבען מיט דער פּעדאַגאָגיק. אין „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ“ האָט ער געגרינדעט די ערשטע אין רוסלאַנד פרייע קינדער־שולע און אַרויסגעגעבען דעם בעריהמטען פּעדאַגאָגישען זשורנאַל „יאַסנאַ־

יאַ פּאָליאַנאַ". די נעזעלשאַפטליכע אַרבײַט האָט איהם אָבער
נישט אָבגעריסען אינגאַנצען פון דער פּאָליטישער שאַפונג.
אין 1869 ערשיינט זיין וועלט-בעריהמטער ראָמאַן „קריעג און
פריעדען", וועלכער שילדערט די עפּאָכע פון 1812-טען יאָהר
און די מלחמה פון רוסלאַנד מיט נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען.
דער דאָזיגער ראָמאַן האָט זיך באַלד ערוואָרבען אַנ'אונגעהויערען
נאָמען אין רוסלאַנד ווי אויך אין אייראָפּע, און טאָלסטאָי איז
פון דאַן אָן גערעכענט געוואָרען צווישען די ערשטע קינסטלער
אין דער וועלט. אין יאָהר 1876 ערשיינט זיין צווייטער גרויסער ראָ-
מאַן „אַננאַ קאַרענינאַ", וואו דער הויפּט-העלד לעווין, וועל-
כער מאַטערט זיך און וויל דעם ריכטיגען וועג אין לעבען, און
ווערט נעשטרויכעלט און הויבט זיך ווידער אויף, איז נישט
קיין אַנדערער, ווי טאָלסטאָי אַליין. צו יענער צייט ווערט אין
דעם שריפטשטעלער נופא אַליין שטאַרקער זיין סקעפּטיציזם;
ער וויל און נעפינט נישט דעם ציעל אין לעבען, ביז ער
ווענדעט זיך צו דער מאָראַל און רעליגיע. דאַן אַנערקענט ער,
אַז דער הויפּט-צוועק פון מענשען'ס עקזיסטענץ איז—זיך צו
דערהייטערן פון דער וועלט לויט די נעבאָטען פון קריסטענ-
טהום. „נישט ווייז קיין ווידערשטאַנד דעם בייזען"—דאָס איז
זיין דעוויז. אַ מענש מוז לעבען איינפאַך, אָרים און זיין אידעאַל
מוז זיין די ליעבע צום צווייטען. דאָס ווערט דער יסוד פון טאָל-
סטאָי'ס וועלט-אַנשויאונג. טאָלסטאָי ווערט ניך בעריהמט אין
דער וועלט נישט נור אַלס קינסטלער, נאָר אויך אַלס דענ-
קער און מענשענליעבהערער. ער שרייבט זעהר פיעל ווערק איבער
פערשיעדענע נעזעלשאַפטליכע און עטישע פראַגען, וועלכע
ער בעלייכט פון זיין בעזונדערען אָריגינעלען שטאַנדפּונקט. די
לעצטע צעהנדליג יאָהר פון זיין לעבען האָט ער געשטרעבט
דורכצופיהרען זיינע אידעען נישט נור אויף פּאַפּיער, נאָר אויך
דורך טהאַטען. ער האָט זיך געמיהט צו לעבען איינפאַך, אַרביי-
טען, טהון פאַר'ן פאָלק. אין דער הינזיכט האָט איהם פיעל גע-

שטערט זיין פֿאַמיליע. ער האָט דערום אויפֿ'ן צוויאונאַכציגסטען יאָהר פֿון זיין לעבען בעשלאָסען ענטלויפֿען פֿון זיין הויזגעזינד, פֿערלאָזען זיינע רייכע גיטער און זיך בעזעצען אין אַ וואַלד, ווייט פֿון דער געזעלשאַפֿט, כּדי ער זאָל מעהר נישט בעגעגענען קיין הינדערנישען אין דער פֿערווירקליכונג פֿון זיינע שטרעבונגען. די גאַנצע וועלט איז דאַן אויפֿגערודערט געוואָרען פֿון דעם דאָזיגען טיעף־מענשליכען שריט. אָבער עס איז דעם אַלטען דענקער נישט בעשערט געווען זיין לעצטען ציעל צו ערגרייכען. ער איז געשטאָרבען אין וועג, אויף דער סטאַנציע אָסטאַפּאָוואָ אין הערבסט פֿון 1910־טען יאָהר, איבערלאָזענדיג דער מענשהייט אַן אונגעהויערען וואונדער פֿון פּאָעטישער שאַפֿונג און אידעאַליסטישען לעבען.



# טאָלסטאָי אין פּאָעזיע און מאָראַל.

## I.

אין דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור פֿאַר דער צייט פֿון דער פּאָעטישער הויפּט-טהעטיגקייט פֿון גראַף טאָלסטאָי איז פֿאַרהאַן דריי ריכטונגען אין שילדערן און ערקלערנען דעם מענשען, אין ערפֿאָרשען זיין וועזען, זיין פּסיכאָלאָגיע:

1) גייסט;

2) גייסט און מאַטעריע;

3) מאַטעריע.

ביי דער ערשטער ריכטונג האָט זיך, הויפּטזעכליך, פֿעסט-געהאַלטען דער נעווימער פּסיכאָלאָג-ראָמאַניסט דאָסטאָיעווסקי. ער בעשעפֿטיגט זיך איבערהויפּט מיט דעם אַנאַליז פֿון דעם מענשען'ס נשמה. ביי איהם, אין זיין שעפֿפֿונג, שפּיעלט די מאַטעריע אַ גאַנץ קליינע ראָליע. דאָסטאָיעווסקי איז אַ גייסט-אַנאַטאָמיק. פֿאַר-בייזאָזענדיג, מעהרסטענטיילס, דעם קערפּער, די אויסערליכע זייט פֿון מענשען, טרעט ער באַלד צו צו דער אינערליכער וועלט דיינער. און מיט זיין שאַרפֿען קריטיק-מעסער דרינגט ער אַריין גלייך אין דער נשמה, צעגלידערט זי אויף די קלענסטע חלקים איהרע און שטודירט זי, לערנט זי און גיט נאָכדעם פּסיכאָ-אַנאַטאָמישע בילדער פֿאַר'ן לעזער.

דער צווייטער ריכטונג איז, דער עיקר, געווען טריי דער בעוואוסטער פּאָעט-ראָמאַניסט טורגעניעוו. ער נעהמט דעם מענשען אין זיין געוויסער פּראָפּאָרציע פֿון גייסט און מאַטעריע און בעטראַכט איהם אָט אַזוי ווי מיר זעהען איהם פֿאַר אונזערע אויגען. טורגעניעוו וואָלט נישט קאָנען בעמערקען אַ מענשען'ס געשטאַלט, כל-זמן ער שטעלט איהם נישט צוזאַמען מיט זיי-נע אַלע קליפּעלעך; איהם איז נישט נור נויטיג די אויסערליכע און די אינערליכע זייטען פֿון מענשען, נישט נור די צוזאַמענגע-וועצטע גוף און נשמה, נאָר אפילו דעם מענשען'ס קליידער,

דער ראָק, די קאַמאַשען, דער קאַפּעליוש אָדער דער קאַרטוז. טור־געניעוו בעטראַכט שטענדיג דעם מענשען פון קאָפּ ביז די פּיס, און פון האַרצען ביז'ן מח — און אַלץ מיט דערוועלבער טיעפ־זיניגער אויפמערקזאַמקייט.

II

דער אייגציגער, כמעט, פאָרשטעהער פון דער דריטער ריכ־טונג איז — לעוו ניקאָלאַיעוויטש ט אָ ל ס ט אָ י.

און דאָס קלינגט זאָגאַר ווי אַ פּאַראַדאָקס — דער גרעסטער פערעהרער פון גייסט — ניעט אין זיינע קונסט־ווערק אָב דעם גרעסטען אָרט דער מאַטעריע!

טאָלסטאָי ניעט זיך גאַנץ ווייניג אָב מיט פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזען, די נשמה פון זיינע העלדען איז ביי איהם שטענדיג אַ שפּעטערדיגע זאַך. צו־ערשט שאַפט ער זייער קערפּער.

ווער געדענקט נישט „אַנאַ קאַרעגינאַ“? וויפיעל מיה, וויפיעל קונסט האָט טאָלסטאָי אַוועקגעלעגט אויסצומאָלען, איך וואָלט בעסער זאָגען אויסצוהאַקען, פון ווייסע זילבער־מאַרמאָר איהרע פּלייצעס?

און קיטי? ווי וואונדערבאַר און זאָרגפאַלטיג אַרבייט טאָל־סטאָי איבער דער מאַטעריע, פון וועלכע ער שאַפט קיטי'ס באַ־קען, קיטי'ס שטערען?

ווען טאָלסטאָי וויל אונז מאָלען זאָגאַר אַנ'איינפאַכען מענ־שען פון פאָלק, דרינגט ער פריהער פון אַלץ אריין אין דער מאַטעריע. דער בעסטער טיפּוס פון אַזאַ מין איז קאַרטאַיעוו אין „וואָינאַ אי מיר“, און אַפילו דאָ פערנעהמט דעם ערשטען אָרט דער גוף. עס האָט שוין דער רוסישער קריטיקער מערעזש־קאָווסקי אָנגעמערקט, מיט וואָס פאַר עקשנות טאָלסטאָי בע־טאָנט צעהנדליגער מאָל קאַרטאַיעוו'ס „קיילעכדיגע האַנד“...

און נישט נור דער קערפּער, נאָר איבערהויפּט אַלעס אויי־סערליכעס איז ביי איהם דאָס וויכטיגסטע. טאָלסטאָי שטעלט זיך אַ סך מעהר אָב אויף די קליידער פון זיינע העלדען, ווי אויף פּסיכאָלאָגישע מאָמענטען, אויף מאַניערען מעהר — ווי אויף וועלט־אַנשויאונגען.

אין דער הינזיכט איז טאָלסטאָי א פּלאַסטיקער. ער בע־גרייפט דעם גייסט דורך דער מאַטעריע, ער איז משיג די נשמה דורכ'ן קערפּער. די אינעווענינסטע וועלט זעהט ער נור אין דער אויסערליכער.

אָט אַזוי האָבען אַמאָל, נאָר פאַרצייטען, די גריכישע סקולפּ־טאָרען און מאָלער געשאַפען געטליכע ווע ז ע נ ס אויס'ן גראָבען מאַרמאָר, אויס גראָבער מאַטעריע, ווען די שפּעטערדיגע קריסטליכע קינסטלער האָבען דעם גייסט געקאָנט בעגרייפען נור דורך דאָס גייסטליכעס, אין א געוויסע גייסטליכע אַטמאָס־פער.

III

און אָט אַזוי ווי טאָלסטאָי אין דער קונסט, אין דער פּאָ־עזיע, קומט צו דער נשמה, צו דער פּסיכאָלאָגיע נור דורכ'ן קער־פּער, אַזוי קומט ער אין זיין פילאָזאָפיע צו דער גאָטהייט נור דורכ'ן מענשען, דעם הימעל איז ער תופס נור דורך דער ערד.

און אין דעם אונטערשיידט ער זיך, דער נביא פון „יאַס־נאַיאַ פּאָליאַנאַ“, פון אַלע פערשיעדענע וועלט־נביאים, וואָס האָבען הויפּטזעכליך געווירקט אין דער ציוויליזירטער וועלט.

אידישע נביאים, צום בייזפּיעל, זענען שטענדיג געקומען צום מענשען פון גאָט, אינ'ם נאָמען פון גאָט. גאָט איז פריהער פון אַלץ געווען ביי זיי אַנ'אַקסיאָמע, אַ געוויסע הנחה, זיי האָבען איהם געזעהן, געהערט, בעגרייפט מיט זייער גאַנצער אֶמונה, און זייער רעליגיעזע לעהרע האָבען זיי געשעפּט פון זייער געטלי־כען בעוואוסטזיין.

טאָלסטאָי'ס וועג איז ריכטיג אומגעקעהרט. פון מענשען קומט ער צו גאָט, צו דער אָנערקענונג פון גאָט, פון געטליכעס. זיינע העלדען, וועלכע ענדליך געפינען זיי זייער ציעל אין לעבען דורכאויס אין דער געטליכקייט, זענען פון אָנפאַנג דוקא ווייט פון גאָט, זענען זאָגאַר אַטעאיסטען (וואָס לייקענען אין גאָט).

לאַנג מאַטערען זיי זיך, אָט אַזוי ווי לעווין אין ראָמאַן „אַנאַ קאַרעניגאַ“ און פּיער בּיעזאוכאָוו אין ראָמאַן „וואָינאַ אי מיר“,

פיינינען זיך אין זייער זוכען זיך אַליין, זייער תּכלית; זוכען דעם אינהאַלט פון לעבען, זוכען דעם וועג, איבער וועלכען זיי קאָנען דערגרייכען דעם אמת׳ן גליק אין לעבען, ביז וואַנען זיי דערגעהען ענדליך צום אמת, צום גרונד, צו גאָט, צו נעטליכעס.

דאָ זעהען מיר טאָלסטאָי׳ען, וועלכער זוכט דעם תּכלית פון לעבען אין דעם געשטאַלט פון זיינע העלדען, אַלס אַ מין אידישער קהלת. נאָט איז ביי איהם דאָס „ל ע צ ט ע וואָ ר ט״, נ אָ ר נ י ש ט ד אָ ס ע ר ש ט ע וואָ ר ט!

אין אָנפאַנג זוכט ער ז י ך, זיין אֵיינענעם וועזען צו געפינען אין פערשיעדענע פערנעניגענס, נאָכדעם—אין פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע אין פערזענליכע אונטערנעהמונגען, נאָכהער אין פערשיעדענע וואָהלטהאַטען, נאָר ער קאָן זיך נישט בערוהיגען, ביז ער קומט צום „סוף דבר: אלהים ירא״... (דער סוף: האָב מורא פאַר גאָט)...

## IV

נאָר דאָ טרעפען מיר זיך מיט אַ שווערער פראַגע:

מאַקס נאָרדוי פרעגט אין אַ שטעלע: ווי קאָן נעמאָלט זיין, אַז מענשען, וועלכע גלויבען אין אָנפאַנג נישט אין גאָט, זאָלען קאָנען זוכען דעם ציעל פון דער וועלט, פון דעם וועזען, פון דער ביאה (בעשעפונג)? יעדע ציעל פון אַ זאַך מוז פריהער בעדייטען, אַז עס איז פאַרהאַן אַ בעוואוסטזיינינע קראַפט, וועלכע שטעלט דעם ציעל, בעגיבט זיך מיט דעם ציעל און שטרעבט צו דעם ציעל. גלויבט איהר אָבער נישט לכתּחילה אין גאָט, דאַן זאָגט איהר דאָך, אַז די וועלט איז ענשטאַנען נור בלויז דורך אַן׳אונבעגרייפליכען צופאַל, טאָ ווי קאָנט איהר אין אַ צופאַל זוכען אַ ציעל? ווען עס נעהט אַ צוג און איהר ווייסט, אַז דעם צוג פיהרט אַ מאַשיניסט, קאָנען מיר פרעגען, וואו נעהט דער צוג, וואוהין שטרעבט ער, און אַזוי ווייטער. ווען עס טרעפט אָבער אַ צוג-קאַטאַסטראָפע און דער צוג נעהט אַראָב פון די רעלסען, קאָן מען דאַן פרעגען, וואוהין שטרעבט דער צוג?

נאָרדוי געפינט אַלזאָ, אַז די פסיכאָלאָגישע איבערלע-

בּינגען פֿון טאָלסטאָי'ס העלדען-אַטעאיסטען זענען נישט ריל-טיג. דער, וואָס גלויבּט לכתחלה נישט אין גאָט, יענער קאָן נישט זוכען דעם ציעל אין לעבּען. טאָלסטאָי'ס העלדען, ווי ער אַליין, קומען אָבּער דאָך ענדליך צום בּעשלוס פֿון גאָטהייט נור דורך דער פֿראַגע:

V

אין אמת'ן האָט טאָלסטאָי נישט אַזוי גֶעשטעלט די פֿראַגע, ווי נאָרדוי האָט איהם פֿעִ'שטאַנען.

טאָלסטאָי, ווי זיינע העלדען, האָבּ'ן נישט געזוכט דעם ציעל אין לעבּען, נאָר זייער אָרט אין לעבּען. צי די וועלט איז בּ'גשאַפֿען דורך גאָט, צי דורך אַ צופֿאַל, נאָר אֵיין זאַך איז קלאָר: אין דער שעפֿפֿונג הערשט אַ געוויסע האַר-מאָניע. די וועלט שטעלט זיך אונז פֿאָר אַלס אַ געוויסע מאַ-שין, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט פֿון פֿערשיעדענע שרויפֿען און שרייפֿלעך. יעדער שרייפֿעל האָט זיין אָרט, האָט זיין בּ'ג-שטימטע פֿונקציאָן. ווען מיר זעהען די זון, צווייפֿלען מיר נישט אין איהר פֿונקציאָן, זי לייכט און זי בּעדאַרף לייכטען; ווען מיר זעהען דעם פֿאָנטאַן, צווייפֿלען מיר נישט אין זיין פֿונקציאָן: ער שפּריצט וואַסער און בּ'דאַרף שפּריצען וואַסער. ווען מיר בּעטראַכטען אָבּער דעם מענשען, דאַן איז אונז נישט קלאָר, וואָס איז זיין פֿונקציאָן אין דער אַלגעמיינער האַרמאָניע? וואָס בּ'וועגט, וואָס בּעטרייבּט אָט דער דאָזיגער שרייפֿעל-מענש אין דער וועלט-מאַשין?

עסען, טרינקען, פּפֿלעגען זיך, מעהרען זיך?

נאָר עס פּפֿלעגט זיך יעדע בּ'עשעפֿעניש. פֿאָרטזעצען דעם מין? נאָר דאָס איז דאָך נאָך נישט קיין פֿונקציאָן; דער עפּעל-בּוים זויגט דעם סאָק פֿון דער ערד, זופּט דעם טוי, טרינקט דעם רעגען, שאַפֿט נייע פֿלאַנצונגען, ניט אָבּער אויסער דעם — עפּעל. וואָס פֿאָדערט די נאַטור, די נאָטהייט, די קאַטאַסטראָפֿע, די האַרמאָניע, די מאַשין — אָדער ווי איהר ווענט דאָס נישט אָנרופֿען — פֿון מענשען, אויסער עסען, טרינקען, פּפֿלעגען זיך?

ווען יעדע בּעשעפֿעניש זאָל זיך שטעלען אָט די דאָזיגע

פראַגע װעגען איהר פונקציאָן, װאָלט איהר אינסטינקט, איהר נאַטור, איהר באַלד געענטפערט קורץ און שאַרף. בײַ מענשען איז אָבער דער דאָזיגער אינסטינקט שװאַכער, װי בײַ אַלע אַנדערע ברואים. אַפילו צו װיסען װאָס איז נויטיג צו דער אײַגענער עקזיסטענץ מוז דער מענש שטענדיג ערפאַהרען דורך אַנדערע װעגען און נישט דורכ'ן אינסטינקט, װי יעדעס װעזען.

װער אָדער װאָס ענטפערט דעם מענשען אויף דער פראַגע װעגען זײַן פונקציאָן?

טאָלסטאָי זאָגט: **זײַן געװיסען!**

## VI

און זעהען מיר, אַז אונזער געװיסען טרעפט זיך שטענדיג צוזאַמען מיט די לעהרע פון די נביאים איבער גוטס און שלעכטס. טהוען מיר שלעכטס, דאָס הייסט, דאָס, װאָס די גרויסע מענשען-לעהרער האָבען אונז פערבאָטען אין דעם נאָמען פון גאָט, דאַן ליידען מיר פון געװיסענס-ביסען; טוהען מיר גוטס, דאָס הייסט דאָס, װאָס די גרויסע מענשען-לעהרער האָבען אונז אָנגע-זאָגט אין דעם נאָמען פון גאָט, דאַן בערוהיגען מיר אונזער געװיסען.

און גראַף טאָלסטאָי פערגעטערט דעם געװיסען. דער גע-װיסען איז בײַ איהם די נשמה, די שפּראַך פון גאָט, די שפּראַך פון דער האַרמאָניע, די שפּראַך פון דער פונקציאָן.

דער געװיסען פערבײַט בײַם מענשען דעם אינסטינקט, שטעהט העכער פאַר'ן אינסטינקט. דער געװיסען, דערגרייכענדיג די מדרגה פון בעװאוסטזײַן, מוז זאָגאַר ברעכען דעם אינסטינקט.

דער יסוד פון געװיסען איז **די ליעבע צו אַלע בע-שעפּענישען פון דער װעלט**. די ליעבע מוז אויס-װאָרצלען פון האַרצען די זעלבסטליעבע, מוז אויסלעשען דעם לעצטען פונק פון עגאָאיזמוס, אַפילו אויף װיפיעל דאָס איז נויטיג צו דער עקזיסטענץ פון יעדען אינדיװידואום. װען עס זאָל זיך האַנדלען װעגען אײַגענע נוצען און פרעמדע נוצען, מוז די אײַגענע געאָפּפערט װערען פאַר די פרעמדע; װען עס זאָל זיך האַנד-

לען פון איינענעם לעבען און פרעמדס לעבען, מוז דאס איי-
גענע געאפפערט ווערען פאר דאס פרעמדס.

און דא געהט זיך טאלסטאי פונאנדער מיט די געוועהנ-
ליכע מאראליסטען.

## VII

ביי די געוועהנליכע מאראליסטען, זאגאר אונזערע תלמודי-
שע מאראליסטען, דיענט די מאראל אלס א יסוד פאר דער
געזעלשאפט. די מאראל מוז דיענען צו א געוויסען ציעל—צו
אונטערהאלטען, אונטערשטיצען, לייטען די געזעלשאפטליכע
פערהעלטניסען. די מאראל איז אלזא נור א מיטעל, און יע-
דעס מאל מוז מען פרעגען, וויפיעל ער איז ציעלמעסיג. ווען
איך טהו יענעם א טובה, מוז איך וויסען פריהער, וויפיעל איז די
טובה ציעלמעסיג אין געזעלשאפטליכער הינזיכט, וואס פאר
נוצען וועט די געזעלשאפט דערפון בעקומען? אויב איך מיט
מיין מיה, מיט מיין געלד ראטעווע איך א נפש — געוויס איז
דאס וויכטיג אין געזעלשאפטליכער הינזיכט. ווי איז
אבער, אז מיט מיין נפש ראטעווע איך א נפש? אין
דער געזעלשאפטליכער הינזיכט איז דאס גאר קיין
טובה נישט, ווארום אזוי צי אזוי פערלירט די געזעלשאפט איין
נפש, בכן בין איך פון אזא טובה פטור צו טהון. דערפון שטאמט
דער געוויסער כלל: „חייך קודמים" (דיין לעבען שטעהט פריהער).
אדער — „מה חזית דדמא דידיה סומק טפי"? (צי איז דען יענעמס
בלוט רויטער פאר מיינע?).

טאלסטאי איז געגען די לעהרע פון די מאראליסטען.
אונזערע אלע פליכטען צו אונזער הכר, צום מענשען, דיקטירט
אונז אונזער געוויסען. דער געוויסען איז די שטימע פון גאט, פונ'ם
בעשעפער. איז דען מעגליך, אז מיר זאלען פרעגען, וועלכען אין
דעם א ציעל? דאס וואלט זיין גאר אהן ערפאלג.

קאן דען דער פערד משיג זיין דעם ציעל פון בעל-
הבית? זיין זאך איז נור צו געהן אין דעם וועג, וואו עס קירע-
וועט איהם די לייצעס, דער צוים.

# VIII

דער מענש קאָן נישט וויסען וואוהין, צו אַ וועלכען פונקט מוז ער טרייבען דאָס לעבען. ער קאָן אָבער וויסען און מוז אָבער וויסען, אין וואָסער וועג ער זאָל טרייבען דאָס לעבען. דערויף האָט דער מענש לייצעס, אַ צוים.

דעם מענשענ'ס צוים איז — דער געוויסען.

און טאָלסטאָי לערנט אונז:

ווילט איהר, מענשען, געפינען אייער אמת'ן אָרט אין דער אַלגעמיינער האַרמאָניע, ווילט איהר לעבען אין פרידען מיט זיך זעלבסט, ווילט איהר לעבען אין צופרידענהייט מיט אייער אייגענער נשמה און גיניסען דעם אמת'ן גליק פון אינערליכער, גייסטליכער רוה —

האַלט אייך אָן אייער צוים, זייט שטענדיג פאָרנעהמליך צו דער שטימע פון אייער געוויסען.



## I

אוּן איך זאָג אַייך, אַז יעדער, וואָס קוקט אויף אַ פֿרוי מיט תאוה, האָט שוין מיט איהר געזינדיגט אין האַרצען בּיי זיך.

אוּן אויב דיין רעכטע אויג וועט דיך שטרויכלען, רייס איהם אַרויס אוּן וואַרף אַוועק פֿוּן זיך, וויil בּעסער איז פֿאַר דיר, אַז אֵיינער פֿוּן דיינע גליעדער זאָל פֿערלאָרען געהן, אֵיידער דיין גאַנצער קערפּער זאָל אין גיהנם. געשליידערט ווערען.

אוּן אויב דיין רעכטע האַנד וועט דיך שטרויכלען, האַק זי אָב אוּן וואַרף אַוועק פֿוּן זיך, וויil בּעסער איז פֿאַר דיר, אַז אֵיינער פֿוּן דיינע גליעדער זאָל פֿערלאָרען געהן, אֵיידער דיין גאַנצער קערפּער זאָל אין גיהנם געשליידערט ווערען.

עוואַנגעליום, מתתיהו, V, 28, 29, 30.

יעווגעני אירטעניעוו'ן האָט ערוואַרטעט אַ גלענצענדע קאַריערע. ער האָט פֿערמאָגט אַליץ, וואָס מען בּרויכט צוּ דעם: ער האָט בּעקוּמען אַנ'אויסגעצייכענטע היימישע ערציהוּנג, ער האָט גלענצענד געענדיגט דעם קוּרס פֿוּן דער יורידישער פֿאַקוּלטעט אין דער פּעטערבּוּרגער אוּניווערזיטעט; ער איז געשטאַנען אין פֿערבּינדוּנגען נאָכ'ן פֿערשטאָרבּענעם פֿאָטער מיט די העכסטע געזעלשאַפֿטליכע קרייזען; אוּן ער האָט שוין זאָגאַר געהאַט פֿערטרעטען אַ שטעלע אין מיניסטעריוּם, אוּנטער'ן שוּץ פֿוּן מיניס-

טער. אויסער דעם אַלעם האָט ער אויך געהאַט אַ פערמעגען; זאָגאַר אַ גרויס פערמעגען, נאָר אַ צווייפעלהאַפטע. דער פאָטער האָט געלעבט אין אויסלאַנד און אין פעטערבורג, געבענדיג צו זעקס טויזענד די זיהן — יעווגעני און דעם עלטערן אַנדריי, וואָס האָט געדיענט אין קאַוואַלעריע, און ער אַליין מיט דער מוטער האָבען אויך פערלעבט זעהר פיעל. זומער־צייט נאָר פלעגט ער קומען אויף צוויי הדשים אין זיין גוט, אָבער מיט דער בעל־הבית'ישקייט האָט ער זיך נישט פערנומען, איבערגעבענדיג עס דעם אָבגעפרעסענעם פערוואַלטער, וואָס האָט זיך אויך נישט אָבגעגעבען מיט דער ווירטשאַפט, נאָר צו וועלכען ער האָט געהאַט פולען צוטרוי.

נאָכ'ן פאָטער'ס טויט, ווען די ברידער האָבען זיך גענומען טיילען, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז חובות זענען געווען אַזוי פיעל, דאָס זייער געשעפטס־אַדוואָקאַט האָט זיי אַפילו גערַאטען, זיי זאָלען זיך אָבזאָגען פון דער ירושה, איבערלאָזענדיג פאַר זיך דער באָבע'ס גוט, וואָס איז געשאַצט געווען אין הונדערט טויזענד. אָבער אַ שכן, אַ גוטס־בעזיצער, וואָס האָט געהאַט געשעפטליכע פערבינדונגען מיט אירטעניעוו'ן, דאָס הייסט, ער האָט געהאַט אויף איהם אַ וועקסעל און איז דעריבער געקומען קיין פעטערבורג, האָט געזאָגט, אַז נישט קוקענדיג אויף די חובות, קאָן מען נאָך די געשעפטען פערבעסערען און נאָך בלייבען ביי אַ גרויס פערמעגען, — מ'האָט נאָר בעדאַרפט פערקויפען דעם וואַלד, אייניגע טיילען פערלאָזענעם פעלד און פערהאַלטען די הויפט־גאָלד־גרוב — דאָס גוט סעמיאָנאָווסקאָיע מיט די פיער טויזענד „דעסיאַטינעס“ אַקער־ערד, אַ צוקער־פאַבריק און צוויי הונדערט דעסיאַטין לאָנקעס, — אויב מ'זאָל זיך איבערגעבען דער זאַך און, בעזעצענדיג זיך אין דאָרף, בעל־הבית'עווען מיט פערשטאַנד און פאָרזיכטיג.

און אָט האָט יעווגעני, דורכפאָהרענדיג זיך פריהלינגס־צייט (דער פאָטער איז געשטאָרבען אין דער צייט פון „פאָסט“) אין די גיטער און בעטראַכטענדיג אַלץ, בעשלאָסען אָנצונעבען זיך אין דימיסיע, בעזעצען זיך מיט דער מוטער אין דאָרף און פערנעהמען זיך מיט דער בעל־הבית'ישקייט, אום צו בלייבען ביים

הויפט-פערמעגען. מיט'ן ברודער, מיט וועלכען ער איז געווען נישט איבערייג בעפריינדעט, האט ער געמאכט אזוי: ער האט זיך מתחייב געווען צו צאהלען איהם יעהרליך פיער טויזענד רובל אדער אכציג טויזענד פאר איין מאל, און דערפאר האט זיך דער ברודער ענטזאגט פון זיין טייל ירושה.

אזוי האט ער אויך געטהון. און בזועצענדיג זיך מיט דער מוטער אינ'ם גרויסען הויז, האט ער זיך הייס און צוגלייך מיט דעם אויך פארזיכטיג גענומען צו דער ווירטשאפט.

דאס מעהרסט מיינט מען, אז די סאמע געוועהנליכע קאנסערוואטארס זענען די אלטע לייט און די נאחאטארען, די רעפארמאטארס, זענען דאס די יונגע. דאס איז נישט אינגאנצען ריכטיג. די סאמע געוועהנליכע קאנסערוואטארס זענען גראד די יונגע לייט, די יונגע מענשען, וואס ווילען לעבען, אבער זיי טראכטען נישט, אדער האבען קיין צייט נישט צו טראכטען, ווי אזוי מ'דארף לעבען, און זיי נעהמען דעריבער זיך פאר א מוס-טער דאס פערגאנגענע לעבען.

אזוי איז אויך געשעהן מיט יעווגעני'ן. בזועצענדיג זיך איצט אין דארף, איז זיין טרוים און אידעאל געווען צוריק-צושטעלען דעם ארט-לעבען, וואס איז געווען נישט ביים טא-טען — דער טאטע איז געווען א שלעכטער בעל-הבית, — נאר ביים זיידען. און איצט האט ער סיי אין שטוב, סיי אין גארטען, סיי אין דער גאנצער בעל-הבית'ישקייט, פערשטעהט זיך, מיט ענדערונ-גען, צוגעפאסט זיך צו דער צייט, בעמיהט זיך צוריקצושטע-לען דעם אלגעמיינעם גייסט פון זיידענ'ס לעבען — אלץ אויפ'ן ברייטען שטייגער — צופריעדענשטעלען אלעמען ארום, אריינ-ברענגען ארדנונג און פערפעסטיגען דעם וואוילשטאנד; און דאס אלץ צו שאפען האט געפאדערט זעהר א סך ארבייט, אי מ'האט בעדארפט בעפריעדיגען די בעלי-חובות און די בענק, און דער-צו האט מען בעדארפט פערקויפען שטיקער ערד און פערלענ-גערן די טערמינען פון די צאהלונגען. מ'האט בעדארפט בעקומען געלד אויף צו פיהרען ווייטער, וואו געדונגענערהייד, וואו מיט איי-גענע ארבייטער, די אונגעהויערע בעל-הבית'ישקייט אין סעמיאנאווי-סקאיע מיט די פיער הונדערט דעסיאטין צוקער-ערד און די

צוקער-פאַבריק; מ'האָט אויך אין שטוב און אין גאָרטען בעדאַרפט זיך איינאָרדנען אַזוי, אַז עס זאָל נישט זיין צו דערקענען קיין אָבגעלאָזענקייט און נעפאַלענקייט.

אַרבייט איז געווען אַ סך, אָבער אויך קרעפטען האָט יעווגעני פערמאָגט אַ סך — קרעפטען סיי פיזישע, סיי גייסטיגע. ער איז אַלט געווען 26 יאָהר, געווען איז ער פון מיטעלען וואוקס, פעסט געבויט, מיט מוסקולען ענטוויקעלטע פון גימנאַסטיק, בלוטרייך, מיט רויטע באַקען, בלישצענדע צייהן און ליפען און מיט נישט קיין געדיכטע, ווייכע, געקרייזעלטע האָהר. זיין איינציגער פיזישער פעהלער איז געווען קורצזיכטיגקייט, וואָס ער האָט זיך אַליין אָנגעמאַכט מיט די ברילען, און איצט האָט ער שוין נישט געקאָנט געהן אָהן פענסנע, וועלכע האָבען געמאַכט טיעפע צייכענס ביי איהם אויף דער נאָז.

אַזוי האָט ער אויסגעזעהן פיזיש; זיין גייסטיגער אָנבליק איז געווען אַזוינער, אַז וואָס מעהר איינער האָט איהם געקענט, אַלץ מעהר האָט ער איהם ליעב בעקומען. די מוטער האָט איהם שטענדיג ליעב געהאַט מעהר פון אַלע קינדער; און איצט, נאָכ'ן מאַנ'ס טויט, האָט זי איהם אָבגעגעבען נישט נור איהר גאַנצע מילדקייט, נאָר איהר גאַנץ לעבען. און נישט נור די מוטער אַליין האָט איהם אַזוי ליעב געהאַט, די קאָלעגען אין גימנאַזיע און אין אוניווערזיטעט האָבען איהם בעזונדערס נישט נור געליעבט, נאָר אויך געשעצט; אויף אַלע אַרומיגע האָט ער אויך שטענדיג דעמזעלבינען איינדרוק געמאַכט. ס'איז אונמעגליך געווען נישט צו גלויבען דערין, וואָס ער האָט גערעדט, ס'איז אונמעגליך געווען זיך פאָרצושטעלען שווינדלעריי, פאַלשקייט ביי אַזאַ אָפען, אָרענטליך געזיכט, און, הויפטזעכליך, ביי אַזעלכע אויגען.

בכלל האָט זיין גאַנצע פערזענליכקייט איהם פיעל מיטגעהאָלפען אין זיינע געשעפטען. דער בעל-חוב, וואָס וואָלט אַנ'אַנדערען ענטזאַגט, האָט איהם געטרויט. דער פריקאַזטשיק, דער סטאַראָסטאַ, דער פויער, וואָס וואָלט אָבגעטהון אַ שפיצעל אָדער אָבגענאַרט אַנ'אַנדערען, פלעגט פערגעסען איהם אָבצונאַרען אונטער'ן אָנגענעהמען איינדרוק פון דעם שמועס מיט אַזאַ גוטען,

סימפּאַטישען און, הױפּטזעכליך, אַפּענהערציגען מענשען.

ס'איז געװען ענדע מאַי. יעװגעני האָט װי עס איז דער־שלאָגען זיך אין שטאָדט, מען זאָל בעפרײען אַ שטיק פעלד־משכנ'ט פעלד אויף צו פערקויפען עס אַ סוחר; און בײם װעל־בען סוחר האָט ער געליהען געלד אויף צו בעניײען דעם אינ־װענטאַר, דאָס הײסט, צו קויפען נײע פערד, אָקסען, פוהרען און, די הויפּט־זאַך, אויף אָנצוהויבען די נויטיגע געבײדע פון „הוּ־טאָר". די אַרבײט איז געגאַנגען אויף אַ דרך, ט'האָט געפיהרט האָלץ. טעסלערס האָבען שוין געאַרבײט, און מיסט האָט מען געפיהרט אויף אַכציג װעגען. נאָר אַלץ איז נאָך פונדעסטװעגען געהאַנגען אויף אַ האָהר.

II

אין מיטען די אַלע דאגות האָט זיך געטראָפען אַ סבה, אַפילו נישט קײן װיכטיגע, נאָר יעװגעני'ן האָט עס אין יענער צײט אַ ביסעל אויסגעמאַטערט. װײ יוגענד האָט ער פערבראַכט, װי עס פערברענגען אַלע יונגע, געזונדטע, נישט פערהײראַטעטע מאַנסלײט, דאָס הײסט, ער האָט געהאַט בעציהונגען מ'ט פער־שיעדענער אַרט פרויען. ער איז נישט געװען קײן אויסגעלאַ־סענער, אָבער ער איז אויך נישט געװען, װי ער פלעגט אויף זיך אַלײן זאָגען, קײן „מאָנאַך". און אָבגעגעבען האָט ער זיך דערמיט בלויז אויף אַזױפיעל, אויף װיפיעל דאָס איז נויטיג געװען פאַר'ן פיזישען געזונד און פאַר דער גײסטיגער מונטערקײט, װי ער פלעגט זאָגען. אָנגעהויבען האָט זיך עס צו זעכצעהן יאָהר, און ביז איצט איז אַלץ געגאַנגען כשורה. כשורה אין דעם זין, װאָס ער האָט זיך נישט איבערגעגעבען צו אויסגעלאַסענקײט, האָט זיך קײן אײן מאָל נישט צו־שטאַרק פערליעבט, און איז קײן אײן מאָל נישט געװען קראַנק. אין פעטערבורג האָט ער געהאַט פון אָנפאַנג אַ נעהטאָרין, דערנאָך האָט ער זי פערלוירען, האָט ער זיך אַנדערש אײַנגעאָרדענט, און אין דער הינזיכט איז ער געװען אויף אַזױ פיעל בעזאָרגט, אַז איהם איז פון דעם נישט אויסגעקומען צו לײדען.

נאָר אָט אין דאָרף האָט ער שוין געװאוינט דעם צװײטען

הודש און האָט פּשוט נישט געוואוסט, ווי זאָל ער זיך דאָ העלפען. דאָס איינהאַלטען זיך געגען זיין ווילען האָט אָנגע-הויבען שלעכט צו ווירקען אויף איהם. צי דען זאָל ער פאָהרען אין שטאָדט צוליעב דעם? און וואוהין? ווי אַזוי? דאָס איינס האָט בעאונרוהיגט יעווגעני איוואַנאָוויטש'ן, און ווייל ער איז זיכער געווען, אַז דאָס איז נויטווענדיג, און אַז ער בעדאַרף, האָט ער באמת אָנגעהויבען פיהלען די בעדערפניש, און ער האָט גע-פיהלט, אַז ער איז נישט פריי, און אַז געגען זיין ווילען קוקט ער נאָך יעדע יונגע פרוי מיט דורשטיגע בליקען.

ער האָט געהאַלטען פאַר נישט פאַסענד זיך אויפצוקוי-מען ביי זיך, אין זיין דאָרף, מיט אַ פויערטע אָדער מיט אַ שיקסע לויט דעם, ווי מ'פלעגט דערצעהלען, האָט ער געוואוסט, אַז אויך זיין פאָטער און זיין זיידע האָבען זיך אויסגעצייכענט אין דער הינזיכט פון אַנדערע גוטס-בעזיצער פון יענער צייט, און ביי זיך אין דערהיים האָבען זיי קיינמאָל נישט געפיהרט קיין בעציהונגען מיט זייערע פויערטעס, און ער האָט בעשלאָסען, אַז דאָס וועט ער נישט טהון; נאָר שפּעטער, פיהלענדיג זיך אַלץ מעהר און מעהר געשטערט, און מיט שרעק פאָרשטעלענדיג זיך, וואָס מיט איהם קאָן געשעהן אינ'ם קליינעם דערפעל, און בעטראַכטענדיג, אַז היינט איז דאָך שוין נישטאָ קיין לייב-אייגענטום, האָט ער בעשלאָסען, אַז מ'קאָן דאָ אויך ווי עס איז דורכקומען. „מ'דאַרף עס נאָר טהון אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט וויסען, און נישט צוליעב אויסגעלאַסענקייט, נאָר צוליעב'ן געזונד". — אַזוי האָט ער זיך אַליין געזאָגט. און אַז ער האָט בעשלאָסען, איז ער געוואָרען נאָך אונרוהיגער; רעדענדיג מיט'ן סטאַראָסטאַ, מיט די פויערים, מיט'ן סטאָליאַר, פלעגט ער נישט-ווילענדיג אַרויספיהרען דעם געשפּרעך אויף פרויען, אָדער ווען ער פלעגט פערפיהרען אַ געשפּרעך וועגען פרויען, פלעגט ער דעם געשפּרעך וואָס לענגער פערציהען. און אויף די פרויען האָט ער אָנגעהויבען זיך צו פערקוקען אַלץ מעהר און מעהר.

III

עס איז איהם נאָר גרינג געווען צו בעשליסען; ווי פיהרט

מען אָבער אויס דעם בעשלוס? אַליין צוגעהן צו אַ פּרוי — אונ־מעגליך. צו װעלכער? װאו? מ׳דאַרף עס מאַכען דורך עמיצען. אָבער צו װעמען װענדט מען זיך?

אײנמאָל האָט זיך געטראָפען, אַז ער איז אַרײנגעגאַנ־גען צום װאַלד־װעכטער זיך אָנצוטרינקען. דער װעכטער איז געװען זײן פּאָטער׳ס אַ געװעזענער יעגער. יעװגעני איװאַנאָװיטש האָט זיך צערעדט מיט איהם, און דער װעכטער האָט איהם אָנגעהויבען צו דערצעהלען אַלטע מעשיות — װעגען די פרעה־ליכע פערװײלונגען אויף דער יאַגד, און יעװגעני איװאַנאָװיטש׳ן איז אַײנגעפאַלען, אַז עס װאָלט גוט געװען דאָ, אין דעם שטיבעל אָדער אין װאַלד, עס אָבצוטהון. ער האָט נאָר נישט געװאוסט, װי אַזוי, און צי װעט זיך דער אַלטער דאַנילאַ נעהמען דערצו. „פּילײכט װעט ער זיך אִבערשרעקען פאַר אַזאַ פאָרשלאָג, און איך װעל בלײבען אין פערלעגענהײט, און פילײכט, קאָן זײן, ער װעט אײנפאַך גלײך אײנשטימען”. — אַזוי האָט ער געטראַכט, הערענדיג דאַנילאַ׳ס מעשיות. דאַנילאַ האָט דערצעהלט, װי זײ זענען געשטאַנען אויפ׳ן פעלד בײ דער „דיאַטשיכע” און װי ער האָט פריאַניטשניקאָװ׳ן געבראַכט אַ פויערטע.

„מ׳קאָן” — האָט יעװגעני אַ טראַכט געטהון.

— אײער פאָטער, זאָל איהם די ערד זײן לײכט, האָט זיך מיט די נאַרישקײטען נישט פערנומען.

„מ׳קאָן נישט” — האָט יעװגעני אַ טראַכט געטהון, נאָר אום אויסצופאָרשען, האָט ער געזאָגט:

— װי זשע האָסטו געטהון אַזוינע זאַכען?

— װאָס איז דאָ פאַר אַ בײז? אי זי איז געװען צופריע־דען, און אויך פיאָדאָר זאַהאַריטש איז צופריעדען־איבערצופריע־דען געבליבען, און איך האָב בעקומען אַ רובל. װאָרום װי דען האָט ער געקאָנט אויסקומען? אַ לעבעדינער מענש.

„יאָ, מ׳קאָן זאָגען” — האָט יעװגעני געטראַכט און איז באַלד צוגעטראָטען צום ענין.

— װײסט, — ער האָט דערפיהלט, אַז ער איז גװאַלדיג

רויט געוואָרען, — ווייסט, דאַנילאַ, כ'האָב מיך אויך אויסנעפייי-
נינט.

דאַנילאַ האָט אַ שמייכעל געטהון.

— איך בין דאָך נישט קיין „מאָנאַך“ — צוגעזעהנט'...

ער האָט געפיהלט, אַז ס'איז נאַריש דאָס אַלץ, וואָס ער רעדט, אָבער ער האָט זיך געפרעהט, ווייל דאַנילא האָט איהם אונטערגעשטיצט.

— וואָס איז דען? איהר האָט שוין לאַנג בּאַדאַרפט זאָ-
גען; מען קאָן דאָס בעקומען—האָט ער געזאָגט—איהר זאָגט נאָר
וועלכע?

— אַך, ריכטיג זאָגען, מיר איז אַלץ אַיינס. נו, פערשטעהט
זיך, זי זאָל זיין נישט קיין העסליכע און אַ געזונדטע.

— איך פערשטעה — האָט דאַנילאַ ווי אָבגעהאַקט. ער האָט
אַ טראַכט געטהון. — אָך, אַ פיין שטיקעל פאַרהאַן — האָט ער אָנ-
געהויבען. ווידער איז יעווגעני רויט געוואָרען. — אַ פיין שטיקעל. מען
האָט איהר התונה געמאַכט נאָך דאָ נישט לאַנג, הערבסט-צייט. —
דאַנילאַ האָט אָנגעהויבען איהם צו שושקען אויפ'ן אויער —
און ער קאָן גאָר נישט טהון. וויפיעל איז דאָס ווערט אַזאַ
זאַך פאַר אַ בעלן, הא?

יעווגעני האָט זיך אַזש אַ קרים געטהון פאַר שאַנדע.

— ניין, ניין, — האָט ער אָנגעהויבען צו רעדען. — איך דאַרף
נאָר נישט דאָס. איך, פערקעהרט (וואָס האָט געקאָנט זיין פער-
קעהרט?), איך, פערקעהרט, איך וואָלט בעדאַרפט נאָר זי זאָל
זיין אַ געזונדטע, און וועניגער קלאַפּאָט, אַ „סאָלדאַטקע“, אָדער
אַזוי וועלכע...

— כ'ווייס שוין. הייסט עס, סטעפּאַנידע'ן איך געבען. דער
מאַן איז אין שטאָדט, אַלץ אַיינס, ווי אַ „סאָלדאַטקע“, און אַ
ווייבעלע אַ פיינס, אַ ריינס. איהר וועט זיין צופריעדען. איך האָב
איהר טאַקי אַנומעלטען געזאָגט: גּעה, און זי...

— נו, איז ווען?

— האָטש מאָרגען. אָט, כ'וועל געהן נאָך טאַבּאַק, וועל
איך צו איהר אַריינגעהן, און מיטאָג-צייט קומט אַהער אָדער

הינטער'ן גאָרטען צו דער באָד. קײנער נישטאָ. מיטאָג-צײַט שלאָפען אַלע.

— נו, גוט.

אַ גוואַלדינע אויפרעגונג האָט אַרומגעהאַפּט יעווגעני'ן, ווען ער איז געפאָהרען אַהײם. „וואָס וועט עס זײַן אַזוינס? אַ פּויערטע? און טאָמער ווײַזט זיך אַרויס עפּעס אַ העסליכע, עקעלהאַפטע? נײן, זײ זענען שען — האָט ער גערעדט צו זיך, דערמאָהנענדיג זיך אָן די פּויערטעס, אויף וועלכע ער פלעגט אָפט זיך פערקוקען. — „נאָר וואָס וועל איך איהר זאָגען, וואָס וועל איך טהון?"

אַ גאַנצען טאָג האָט ער זיך זעהר שלעכט געפיהלט; אויפ'ן אַנדערן טאָג, צוועלף אַזײגער, איז ער אַוועק צום וועכ-טער-שטיבעל. דאַנילאָ איז געשטאַנען אין טהיר און האָט שווײַ-גענדיג, נעהײמניספול אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ, ווינקענדיג צום וואַלד-צו. יעווגעני'ן האָט דאָס בלוט אַ שלאָג געטהון צום האַרצען, ער האָט עס דערפיהלט און איז אַוועק צום גאָרטען. קײנער נישטאָ. צוגעגאַנגען צו דער באָד — קײן לעבעדיגע בעשעפעניש. אַרײַנגעקוקט אַהין, אַרויסגעגאַנגען, און פּלוצלונג דערהערט ער אַ געקראַך פון אַ צעבראָכען צווײַגעל. ער האָט זיך אומגעקוקט, זי איז געשטאַנען אין וועלדעל, הינטער'ן גראָבען. ער האָט זיך אַ לאָז געטהון אַהינצו דורכ'ן גראָבען; אין גראָבען איז געווען קראָפּיווע, וואָס ער האָט נישט בעמערקט. ער האָט זיך צושטאָכען, און פערלירענדיג פון נאָז די פּענסנע, איז ער אַרויפגעלאָפען אויפ'ן געגענאיבערדיגען בערגעל. אין אַ ווײַס-אויס-גענעהטער בלוזקע, ברוין-רויטער קלײד און אַ שרײַענד-רויט טי-כעל, באָרוויס, אַ פרישע, אַ פעסטע, אַ שענע, — איז זי געשטאַ-נען און נישט-דרײַסט געשמײכעלט.

— דאָ איז פאַרהאַן אַ שטעגעל אַרום, איהר האָט געקאָנט דורך דאָרטען געהן — האָט זי געזאָגט — מיר זענען שוין דאָ לאַנג. אַ צײַט...

ער איז צוגעגאַנגען צו איהר און אַרומקוקענדיג זיך, האָט ער זיך צוגעריהרט צו איהר.

אין אַ פערטעל שעה אַרום זענען זײ זיך שוין צעגאַנגען;

ער האָט נעפונען די פענסטע און איז אריין צו דאַנילאין, און אַלס ענטפער אויף זיין פראַגע: „זענט איהר צופריעדען, האַר?“ — האָט ער איהם נענעבען אַ רובל און איז אַוועק אַהיים.

ער איז געווען צופריעדען. פון אָנפאַנג האָט ער זיך נאָך אַ ביסעל געשעמט, נאָר דערנאָך איז עס איבערגע־נאַנגען, און אַלץ איז געווען גוט. איבערהויפט איז גוט, וואָס ער פיהלט זיך איצט גרינג, רוהיג, פריש. ער האָט זי אפילו נישט בעקוקט זאָגאַר. ער האָט בלויז געדענקט, אַז זי איז אַ ריינע, אַ פרישע, נישט קיין מיאוסע און אַנ׳איינפאַכע, אָהן גרימאַסען. „וועמענס איז זי עס?“ — האָט ער צו זיך גערעדט: — „פעטשניקאָוואַ, האָט ער געזאָגט? וועלכע פעטשניקאָוואַ איז עס? ס׳איז דאָך דאָ פאַרהאַן צוויי פאַמיליעס אַזעלכע. מסתּמא דעם אַלטען מיכיילאָ׳ס שנור. יאָ, געוויס זיינע. ער האָט דאָך אַ זוהן אין מאָסקווע. כ׳וועל אַמאָל אַ פרעג טהון ביי דאַני־לאין“.

פון דאַן אָן איז בעזייטיגט געוואָרען די פריהערדיגע וויכטיגע אונאַננענעהמליכקייט פון דאָרפישען לעבען—דאָס אַיינהאַלטען־זיך. געגען זיין ווילען. יעווגעני׳ס געדאַנקען זענען שוין מעהר נישט געשטערט געוואָרען און ער האָט געקאָנט פריי זיך פערנעהמען מיט זיין אַרבייט.

און די אַרבייט, וואָס יעווגעני האָט אויף זיך גענומען, איז געווען זעהר נישט קיין גרינגע. עס פלעגט זיך איהם אויסוויי־זען, אַז ער וועט נישט אויסהאַלטען און עס וועט זיך ענדיגען דערמיט, אַז עס וועט דאָך אויסקומען צו פערקויפען דעם גוט, זיין גאַנצע מיה וועט געהן לאַבוד, און די הויפט־זאַך, אַז עס וועט זיך אַרויסווייזען, אַז ער האָט נישט אויסגעהאַלטען, האָט נישט געקאָנט פערענדיגען דאָס, צו וואָס ער האָט זיך גענומען — דאָס האָט איהם מעהר פון אַלץ בעאונרוהיגט. ער פלעגט נאָך נישט בעוויזען צו פערשטעקען איין לאָך, ווי עס פלעגט זיך גלייך עפענען אַ נייע, אונערוואַרטעטע.

אין פערלויף פון דער גאַנצער צייט האָבען זיך אַלץ אַרויסגעוויזען דעם פאָטער׳ס נייע און נייע, פריהער אונבעוואוס־טע חובות. מ׳האָט געזעהן, אַז די לעצטע צייט האָט דער פאָ־

טער גענומען, וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזען. בעת דער הלוקה אין מאַי האָט יעווגעני געמיינט, אַז ער וויים ענדליך אַלץ. נאָר פּלוצלונג האָט ער אין מיטען זומער דערהאַלטען אַ בריעף, פון וועלכען עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס איז נאָך געווען אַ חוב דער אַלמנה יעסיפּאָוואַ פון 12 טויזענד. קיין וועקסעל איז נישט געווען, נאָר אַ פּשוט צעטעלע, וואָס מ'האָט געקאָנט, לויט'ן אַדוואָקאַט'ס ווערטער, אָבלייקענען. יעווגעני'ן איז אָבער אַפילו אויפ'ן זין נישט אַרויף זיך צו ענטזאָגען פונ'ם פאָטער'ס אַווירקליכען חוב, נאָר צוליעב דעם, וואָס מ'קאָן אָבלייקענען דעם דאָקומענט. ער האָט נאָר געדאַרפט וויסען אויף זיכער, צי דאָס איז אַ ווירקליכער חוב.

— מאַמאַ, ווער איז דאָס אַזוינס די יעסיפּאָוואַ, קאַלעריאַ וולאַדימיראָוונאַ? — האָט ער געפרעגט ביי דער מוטער, ווען זיי זענען זיך, ווי געוועהנליך, צוזאַמענגעקומען צו מיטאָג.

— יעסיפּאָוואַ? דאָס איז דעם זיידענ'ס אַ וויטע פערוואַנדטע. וואָס איז דען?

יעווגעני האָט דערצעהלט דער מוטער וועגען דעם בריעף.

— איך וואונדער זיך, ווי האָט זי עס נישט קיין האַרץ? דיין פּאַפּאַ האָט איהר אַזוי פיעל איבערגעגעבען!

— אָבער שולדיג זענען מיר איהר? ׃

— ס'הייסט, ווי זאָל איך דיר זאָגען. קיין חוב איז עס נישט, נאָר דער פּאַפּאַ, איבער זיין אונענדליכער גוטסקייט...

— יאָ, נאָר דער פּאַפּאַ האָט עס געהאַלטען פאַר אַ חוב?

— כ'קאָן דיר נישט זאָגען. כ'ווייס נישט. כ'ווייס, אַז דיר איז אַזוי אויך שווער.

יעווגעני האָט געזעהן, אַז מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט אַליין נישט געוואוסט, ווי צו זאָגען, און האָט איהם ווי אויסגע-פאָרשט.

— דערפון זעה איך, אַז מ'דאַרף צאָהלען—האָט דער זוהן געזאָגט. — איך וועל מאָרגען פאָהרען צו איהר און איבעררעדען, צי קאָן מען עס נישט אָבלעגען.

— אַך, מיר איז אויף דיר אַזאַ רחמנות, נאָר, ווייסט, אַזוי איז בעסער. דו זאָג איהר, אַז זי מוז אויפוואַרטען —

האָט גערעדט מאַריאַ פּאַװלאָװנאַ, װאַהרשיינליך, בערוהיגט און שטאָלץ מיט איהר זוהנס בעשלוס.

יעװגעני׳ס לאַגע איז געװען בעזונדער שװער צוליעב דעם נאָך, װאָס די מוטער, װאָס האָט געװאוינט מיט איהם, האָט איננאַנצען נישט פערשטאַנען זיין לאַגע. זי איז דאָס גאַנצע לעבען געװעהנט געװען צו פיהרען זיך אַזוי ברייט, אַז זי האָט זיך נישט געקאָנט אַפילו פאָרשטעלען די לאַגע, אין װעלכער עס האָט זיך געפונען איהר זוהן, דאָס הייסט, אַז היינט־מאָרגען קאָנען די געשעפטען אַװעק אַזוי, אַז ביי זיי זאָל גאָרנישט בלייבען, דער זוהן זאָל געגויט זיין אַלצדינג צו פערקויפען און אַליין לעבען און די מוטער אויסהאַלטען נאָר דערמיט, װאָס ער קאָן בעקומען, זייענדיג אויף אַ שטעלע, װעלכע קאָן איהם געבען, ביי זיין לאַגע, העכסטענס 2000 רובל. זי האָט נישט פערשטאַנען, אַז ראַטעװען זיך פון דער לאַגע קאָן מען נאָר, אַז מען זאָל פערקלענערען די אַלע פערשיעדענע הוצאות, און זי האָט דעריבער נישט געקאָנט פערשטעהן, צו װאָס קאַרגט אַזוי יעװגעני אין קליינינקייטען: אין די אויסגאַבען אויף גערטנער, קוטשער׳ס, בעדיענונג און זאָגאַר אין עסען. אויסער דעם, װי דאָס מייסט אַלמנות, האָט זי זיך צום פערשטאָרבענעמס אָנדענקען בעצוינגען מיט גרויס יראת־הכבוד, איננאַנצען נישט עהנליך צו דעם, װאָס זי האָט געפיהלט צו איהם ביי זיין לעבען, און זי האָט אַפילו נישט דערלאָזען דעם געדאַנק װענען דעם, אַז דאָס, װאָס דער פערשטאָרבענער האָט געטהון אָדער אַיינגעפיהרט, האָט געקאָנט זיין שלעכט אָדער אַז דאָס זאָל קאָנען געענדערט װערען.

יעװגעני׳ן האָט געקאָסט פיעל אָנשטרענגונגען אויפצוהאַלטען דעם שפּאַציער־גאָרטען און די אָראַנזשעריי און די פערד־שטאַהל מיט צװיי קוטשערס. אָבער מאַריאַ פּאַװלאָװנאַ האָט נאַאיװ געמיינט, אַז, נישט בעקלאָגענדיג זיך אויף דאָס עסען, װאָס עס האָט געקאָכט אַ אַלטער קוכער, און דערויף, װאָס די װעגלעך אין פּאַרק זענען נישט אַלע געװען גערייניגט, און װאָס אָנשטאָט לאַקייען איז נאָר דאָ איין אינגעל, טהוט זי אַלץ,

וואָס עס קאָן טהון אַ מוטער, וואָס אָפּפערט זיך פֿאַר איהר זוהן.

אַזוי אויך אין דעם נייעם הויז, אין וועלכען יעוונעני האָט געזעהן אַ קלאַס, וואָס דערשלאָגט אַלע זיינע אונטערנעהמונגען, האָט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ געזעהן נור אַ צופֿאַל, וואָס ווייזט אַרויס יעוונעני'ס פֿיינקייט. מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט זיך נישט שטאַרק בעאונרוהיגט וועגען יעוגעני'ס מאַטעריעלער לאַגע אויך צוליעב דעם, וואָס זי איז זיכער געווען, אַז ער וועט טהון אַ גלענצענדען שדוך, וואָס וועט אַליץ פֿערבעסערען. און אַ שדוך האָט ער גע־קאָנט טהון דעם גלענצענדסטען. זי האָט געקענט אַ צעהנדליג פֿאַמיליען, וואָס וואָלטען זיך געשעצט גליקליך אַוועקצוגעבען פֿאַר איהם זייער טאָכטער, און זי האָט געוואָלט וואָס גיכער די זאַך דורכפֿיהרען.

## IV

יעוונעני האָט אַליין געטראַכט וועגען התונה האָבען, אָבער נישט אַזוי, ווי די מוטער: דער געדאַנק וועגען מאַכען פֿונ'ם התונה־האָבען אַ מיטעל צו פֿערבעסערען די געשעפֿטען איז איהם גע־ווען אָבשייליך. חתונה האָבען האָט ער געוואָלט עהרליך, דורך ליעבע. ער האָט זיך צוגעקוקט צו די מיידלעך, וואָס ער האָט געטראָפֿען און געקענט, האָט זיך פֿערגליכען מיט זיי, אָבער זיין שיקזאַל האָט זיך אַליץ נישט בעשלאָסען. דערווייל, וואָס ער האָט גאָר נישט ערוואַרט, האָבען די בעציהונגען מיט סטעפּאַני־דע'ן זיך נאָך אַליץ געצויגען און האָבען אַפילו בעקומען אַ כאַ־ראַקטער פֿון עטוואָס פֿעסטגעשטעלטעס. יעוונעני איז אַזוי ווייט געווען פֿון אויסגעלאַסענקייט, איהם איז אַזוי שווער געווען צו טהון די געהיימע — ער האָט געפֿיהלט — שלעכטע זאַך, און זאָ־גאַר שוין נאָך דער ערשטער בעגעגעניש האָט ער געהאָפֿט זיך מעהר נישט צו טרעפֿען מיט סטעפּאַנידע'ן, אָבער עס האָט זיך אַרויס־געוויזען, אַז אין אַ צייט אַרום האָט איהם ווידער אַרומגעהאַפּט אַנ'אונרוהיגקייט, וואָס איהר אורזאַך האָט ער געפֿונען אין דער־זעלביגער בעדערפֿעניש. און די אונרוהיגקייט איז שוין דאָס־מאָל נישט געווען קיין אונפערזענליכע, נאָר איהם האָבען זיך

פאַרנעשטעלט גראָד די שוואַרצע, בלישצענדע אויגען, דיזעלבע ברוסט-שטימע, וואָס זאָגט „אַ צייט...“, דערזועלבער ריח פון עס-וואָס פרישעס און געזונדטעס, און דיזעלבע הויכע ברוסט, וואָס הויבט די העמד, — און דאָס אַליץ אין דעמזעלבען נים- און קלענען-וועלדעל, מיט העלען ליכט בענאָסען.

ווי אונאַננענעהם עס איז איהם נישט געווען, האָט ער זיך דאָך געווענדעט צו דאַנילאַ'ן. און ער האָט ווידער אָבגערעדט זיך צונויפצוקומען מיט איהר מיטאָג-צייט אין וואַלד. דאָס מאָל האָט יעווגעני זי שוין מעהר בעטראַכט, ווי דעם ערשטען מאָל, און אַליץ אין איהר האָט איהם אויסגעזעהן צוציהענד. ער האָט געפרובט רעדען מיט איהר, געפרעגט וועגען מאַן. דאָס איז טאַקע געוועזן מיהייל'אַ'ס זוהן, ער איז געוועזן אַ קוטשער אין מאָסקווע.

— נו, וואָס, טאָ ווי זשע קאָנסטו... — יעווגעני האָט גע-וואָלט פרעגען, ווי גאַרט זי איהם אָב.

— וואָס ווי אַזוי? — האָט זי געפרעגט. זי איז, ווייזט-אויס, געווען קלוג און האָט זיך אָנגעשטויסען, וואָס ער מיינט.

— נו, ווי אַזוי, — אָט ווי אַזוי קומסטו עס צו מיר?

— אָט, וויס איך — האָט זי פרעהליך אַ זאָג געטהון. — כ'מיין, ער לעבט דאָרט אויך אַ גוטען טאָג. וואָס זשע זאָל איך טהון?

וואַהרשיינליך האָט זי געוואָלט אַרויסווייזען איהר זאָרג-לאָזינקייט און מוטיגקייט. און אויך דאָס איז יעווגעני'ן געפעלען געוואָרען. און דאָך האָט ער אַליין מיט איהר נישט אָבגערעדט וועגען אַ נייע צונויפטרעפעניש. אַפילו ווען זי האָט פאָרגעלעגט, אַז מען זאָל זיך צוזאַמענקומען אָהן דאַנילאַ'ן, צו וועלכען זי האָט זיך עפּעס זעהר שלעכט בעצויגען, האָט יעווגעני נישט איינגעשטימט. ער האָט געהאָפט, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל. זי איז איהם אמת געפעלען. ער האָט געמיינט, אַז איהם איז נויטיג אַזאַ אַרט צונויפקומען זיך, און אַז דערין איז קיין שום בייז נישטאָ, אָבער טיעף אין האַרצען ביי איהם איז גע-ווען אַ ריכטער, אַ מעהר שטרענגער, וועמען דאָס איז נישט גע-פעלען געוועזן און ער האָט געהאָפט, אַז דאָס איז דאָס לעצ-טע מאָל, און אויב ער האָט נישט געהאָפט, האָט ער נישט

געװאָלט קײן אָנטײַלנעהמען דערין און צוגרײטען זיך עס אויף אַ צװײטען מאָל.

אַזוי איז זיך פֿערגאַנגען דער גאַנצער זומער, אין משך פֿון װעלכען ער האָט זיך געזעהן מיט איהר אַ מאָל צעהן, און יעדעס מאָל דורך דאַנילאַ'ן. אײנמאָל האָט פּאַסירט, אַז זי האָט נישט געקאָנט קומען, װײל דער מאַן איז געקומען צופֿאָהרען, און דאַנילאַ האָט איהם פֿאָרגעלעגט אַנ'אַנדערע. יעװגעני האָט זיך מיט עקעל אָבגעזאָגט. דערנאָך איז דער מאַן אַװעקגעפֿאָהרען, און זײערע בעגעגענישען פֿלעגען װידער פֿאָרקומען, װי פֿריהער, אָנפֿאַנגס דורך דאַנילאַ'ן, דערנאָך פֿלעגט ער שוין גלײך בעשטימען די צײט, און זי פֿלעגט קומען מיט דער פֿויערטע פּראָהאָראָװאַ, װײל אַ פֿרוי אַלײן פּאַסט נישט צו געהן אין דאָרף.

אײנמאָל, גראָד אין דער בעשטימטער צײט פֿון דער בעגעגעניש, איז צו מאַריאַ פּאַװלאָװנאַ'ן געקומען די פֿאַמיליע מיט דער מײדעל, װאָס זי האָט געשדכנ'ט יעװגעני'ן, און יעװגעני האָט אױף קײן פֿאַל נישט געקאָנט קומען צו דער בעשטימטער צײט אין דעם בעשטימטען אָרט. װי נאָר ער האָט זיך אָבער בעפֿרײט, איז ער אַװעק אַזוי װי כלומר'שט צום שײער-צו און אַרום מיט'ן שטעגעל איז ער אַרײן אין װאַלד, אויפֿ'ן װעהוננס-אָרט. זי איז שוין דאָרטען נישט געװען. נאָר אויפֿ'ן שטענדיגען אָרט איז אַלץ, אויף װי װײט די האַנד האָט געקאָנט דערגרײכען, אַלץ איז געװען צעבראָכען, — נוס-בוימלעך, די „טשערעמוכע", און אַפֿילו אַ יונגער קליאָן, גראָב װי אַ שטעקען. דאָס האָט זי געװאַרט, זיך בעאונרוהיגט, גע'כעס'ט זיך, און שפּיעלענדיג איבער־געלאָזט איהם אַנ'אָנדענקונג. ער איז געשטאַנען, געשטאַנען, דער־נאָך איז ער אַװעק צו דאַנילאַ'ן, בעטען אַרויסרופֿען זי אויף מאָר־גען. זי איז געקומען און װידער געװען דיזעלבע, װי שטענדיג.

אַזוי איז אַריבער דער זומער. זײערע װעהוננען פֿלעגען שטענדיג בעשטימט װערען אין װאַלד, און נאָר אײנמאָל, שוין פֿאַר הערבסט-צײט — אין שײער בײ זײ אויפֿ'ן הויף.

יעװגעני'ן איז אַפֿילו אויפֿ'ן זין נישט אַרויף, אַז די בע־ציהונגען קאָנען האָבען פֿאַר איהם עפּעס אַ געװיסע װיכטיגע בעדײטונג. װעגען איהר האָט ער אַפֿילו נישט געטראַכט. ער פֿלעגט

איהר נעבען געלד, און מעהר גאָרנישט. ער האָט נישט גע־וואוסט און גישט געטראַכט וועגען דעם, אַז איבער'ן גאַנצען דאָרף זענען שוין געווען בעקאַנט זייערע בעציהונגען, און אַז כמעט־פאַנידע'ן האָט מען מקנא געווען, אַז איהרע היימישע האָבען גענומען ביי איהר געלד און איהר צוגעהאָלפען, און אַז איהר פאָרשטעלונג וועגען זינד איז, אונטער דער ווירקונג פון געלד און דער שטיצע פון די היימישע, אינגאַנצען פערלאָרען געגאַנגען. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז אויב מענשען זענען מקנא, איז אַ בעווייז, אַז דאָס, וואָס זי טהוט, איז גוט.

„אײנפאַך, צוליעב'ן געזונד דאַרף מען עס דאָך“ — האָט געטראַכט יעווגעני. — „לאָמיר רעכענען, אַז עס איז נישט שען, און האָטש קיינער רעדט נישט, ווייסען עס דאָך פיעלע אָדער זאָגאַר אַלע. די פויערטע, מיט וועלכער זי געהט, ווייסט. און ווייסט זי, האָט זי עס זיכער שוין דערצעהלט אויך אַנדע־רע. נאָר וואָס זאָל איך טהון? איך טהו זעהר אַ העסליכע זאַך — האָט יעווגעני געטראַכט, — נאָר וואָס קאָן מען מאַכען? נו, און ס'איז דאָך נישט אויף לאַנג“.

די הויפט־זאַך, וואָס יעווגעני'ן האָט געאַהרט, איז געווען דער מאַן. אָנפאַנגס, האָט ער זיך עפּעס פאָרגעשטעלט, אַז דער מאַן איהרער דאַרף זיין אַ שוואַכער, און דערמיט האָט ער זיך ווי טיילווייז פערענטפערט. נאָר ער האָט דערזעהן דעם מאַן און איז איבערראַשט געוואָרען: דאָס איז געווען אַ געזונדטער יונג און אַ פראַנט, שען, אין קיין פאַל נישט ערגער, געוויס נאָך בעסער פון איהם. ביי דער ערשטער בעגעגעניש האָט ער איהר געזאָגט, אַז ער האָט געזעהן איהר מאַן, און ער איז איהם שטאַרק געפעלען געוואָרען, ס'אַר'אַ שענער יונג ער איז.

— נאָך איינער אַזוינער איז איבער'ן גאַנצען דאָרף נישטאָ — האָט זי מיט שטאָלץ געזאָגט. דאָס האָט יעווגעני'ן פערוואונ־דערט. דער געדאַנק וועגען מאַן האָט איהם דערנאָך נאָך מעהר געפּײנינט. איינמאָל איז איהם אויסגעקומען צו זיין ביי דאַנילאַ'ן, און דאַנילאַ האָט, פונאַנדערשמועסענדיג זיך, גלייך געזאָגט איהם:

— מיחיילאַ האָט מיך אַנומעלטען אַ פראַגע געטהון: צי איז אמת, אַז דער פּריץ לעבט מיט מיין ווייב? כ'האָב געזאָגט —

איך ווײס נישט. און ווידער, זאָג איך, בעסער מיט׳ן „באַרין“, ווי מיט א פּויער.

— נו, און ער וואָס?

— גאָרנישט; — וואַרט — זאָגט ער — לאָמיר זיך נאָר דער־וויסען, וועל איך איהר געבען.

„נו יאָ, ווען דער מאַן זאָל צוריקקומען, וואָלט איך עס אַוועקגעוואָרפען“ — האָט יעווגעני געטראַכט.

אָבער דער מאַן האָט געוואוינט אין שטאָדט, און די בעצי־הונגען האָבען דערווייל געדויערט.

„אַז מ׳וועט דאַרפען, וועל איך מאַכען אַנ׳ענדע דערצו און ס׳וועט קיין גערעכעניש פון דעם נישט בלייבען“—האָט ער געטראַכט.

און ער איז זיכער געווען דערין, ווייל אין משך פון׳ם זו־מער האָבען איהם פיעל זאַכען שטאַרק פערנומען: מען האָט געבויט דעם נייעם „הוטאָר“, מען האָט געדאַרפט אַראָבנעהמען די תבואות, שטעלען נייע געביידעס, און, הויפּטזעכליך, מען האָט געדאַרפט צאָהלען דעם חוב און פערקויפען דעם ליידיגען פּלאַץ. דאָס זענען אַלץ געווען זאַכען, וואָס האָבען איהם אינגאַנצען פערשלונגען, וועגען וועלכע ער האָט געטראַכט, זיך לעגענדיג און אויפשטעהענדיג. דאָס אַלץ איז געווען דאָס ווירקליכע לע־בען. די בעציהונגען אָבער — ער האָט עס נישט גערופען אַפּילו „פערבינדונג“—מיט סטעפּאַנידע׳ן איז געווען בלויז פּאַרביילויפענ־דיגעס. אמת, אַז ווען עס פלעגט אָנקומען דער פערלאַנג צו זעהן זי, פלעגט עס אָנקומען מיט אַזאַ קראַפט, אַז ער האָט וועגען קיין שום אַנדער זאַך נישט געקאָנט קלערען. אָבער דאָס פלעגט דויערן נישט לאַנג: צענויפגערעדט זיך, צענויפגעקומען זיך — און ער פלעגט זי ווידער פערגעסען אויף וואָכען, אַמאָל אויף אַ חודש.

הערבסט־צייט פלעגט יעווגעני אָפט פאָהרען אין שטאָדט אַריין און איז דאָרט נאָהענט בעקאַנט געוואָרען מיט דער פאַמיליע אַנענסקי. בײַ די אַנענסקיס איז געווען אַ טאָכטער, וואָס איז נאָר־וואָס אַרויס פון אינסטיטוט. און דאָ איז, צו מאַריאַ פאַוולאָוו־נאַ׳ס גרעסטען בעדויערן, געשעהן, אַז יעווגעני האָט זיך, ווי

זי האָט עס געזאָגט, „צו וואָלוועל פערהאַנדעלט“: ער האָט זיך פערליעבט אין ליזאַ אַנענסקאַ און „געבעטען איהר האַנד“.

פון דאַן-אָן האָבען זיך די בעציהונגען מיט סטעפּאַנידע'ן איבערגעריסען.

V

פּאַרוואָס יעווגעני האָט אויסגעקליבען ליזע אַנענסקאַ, איז אונמעגליך צו ערקלערען, פּונקט ווי עס איז שטענדיג אונמעגליך צו ערקלערען, פאַרוואָס דער דאָזיגער מאַנספּאַרשוין וועהלט אויס דוקא די דאָזיגע פרוי און נישט קיין אַנדערע. אורזאַכען זענען געווען פיעל, — אי פּאָזיטיווע, אי נעגאַטיווע. איינע פון די אורזאַכען איז אויך געווען דאָס, וואָס זי איז נישט געווען קיין זעהר רייכע כלה, ווי די מוטער האָט איהם גע'שדכנ'ט, און דאָס, וואָס זי איז געווען נאַאיוו און קינדעריש אין איהרע בעציהונגען צו איהר מוטער, און דאָס, וואָס זי איז נישט געווען קיין שענהייט, וואָס ציהט-צו צו זיך די אויפמערקזאַמקייט, און זי איז נישט געווען מיאוס. די הויפּט-זאַך איז אָבער געווען דאָס, וואָס די התקרבות מיט איהר האָט זיך אָנגעהויבען אין אַזאַ פּעריאָד, ווען יעווגעני איז רייף געווען צום התונה האָבען. ער האָט זיך פערליעבט דערפאַר, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט התונה האָבען.

ליזע אַנענסקאַ איז פון אָנפאַנג נישט מעהר ווי געפעלען געווען יעווגעני'ן, אָבער ווען ער האָט בעשלאָסען, אַז זי וועט זיין זיין פרוי, האָט ער דערפיהלט צו איהר אַ פיעל שטאַרקערען געפיהל. ער האָט דערפיהלט, אַז ער איז פערליעבט.

ליזע איז געווען אַ הויכע, אַ דינע, אַ לאַנגע. לאַנג איז אין איהר געווען אַלץ: סיי דאָס געזיכט, סיי די נאָז, נישט אַפּער, נאָר איבער דער לענג פון פּנים, און די פינגער, און די טריט. די געזיכטס-פאַרב איז בײַ איהר געווען זעהר אַ מילדע, אַ ווייסע, געלבליכע מיט אַ מילדער פּעררויטעלטקייט, די האָר לאַנגע, בלאָנדע, ווייכע און געקרייזעלטע און אויסגעצייכנט-שענע, קלאָרע, שטילע און צוטרויליכע אויגען. די אויגען האָבען בעוואונדערט איבעררעשט יעווגעני'ן. און ווען ער האָט געטראַכט

חענען ליזע'ן, האָבען זיך איהם שטענדיג פאָרגעשטעלט די קלאָרע, שטילע, צוטרוילִיכע אויגען.

אַזוֹי איז זי געווען פּיזיש; גייסטיג האָט ער גאָרנישט גע־וואוסט וועגען איהר, ער האָט נאָר געזעהן די אוֹיגען. און די אויגען, האָט זיך איהם געדאַכט, זאָגען איהם אַלץ, וואָס ער דאַרף וויסען. אַ טיעפער זין איז אין די אויגען געווען.

נאָך פון אינסטיטוט, פון פופצעהן יאָהר אָן, פלעגט זיך ליזע שטענדיג פערליעבען אין אַלע אָנציהענדע מענער, און זי איז געווען מונטער און גליקליך נור דאַן, ווען זי איז געווען פערליעבט. אַרויסגעהענדיג פון אינסטיטוט, פלעגט זי זיך פונקט אַזוֹי פערליעבען אין אַלע יונגע לייט, וואָס זי האָט געטראָפען, און האָט זיך, פערשטעהט זיך, פערליעבט אין יעווגעני'ן, ווי נאָר זי האָט איהם דערקענט. אָט דאָס פערליעבט זיין האָט עס צוגעגעבען איהרע אויגען דעם בעזונדערן אויסדרוק, וואָס האָט אַזוֹי צוגעצויגען יעווגעני'ן.

דעמזעלבען ווינטער איז זי אין איין־און־דערזעלבער צייט שוין געווען פערליעבט אין צוויי יונגע לייט און זי פלעגט רויט ווערען און זיך קיין אָרט נישט געפינען נישט נור ווען זיי פלעגען אַריינקומען אין צימער, נאָר אַפילו ווען מ'האָט נור דערמאָהנט זייער נאָמען. אָבער נאָכהער, ווען די מוטער האָט איהר אָנגעוואונ־קען, אַז אירטעניעוו האָט, וויזט אויס, אַ ערנסטען מיין, האָט זיך איהר פערליעבטקייט אין אירטעניעוו'ן פערשטאַרקט אויף אַזוֹי פיעל, אַז זי איז געוואָרען כמעט גלייכגילטיג צו די צוויי פריי־הערינגע. אָבער ווען אירטענעוו האָט אָנגעהויבען צו זיין ביי זיי אויף אַ באַל, אַ פערזאַמלונג, האָט געטאַנצט מיט איהר מעהר, ווי מיט אַנדערע, און האָט, וואַהרשיינליך, געוואָלט נור וויסען, צי זי ליעבט איהם, איז איהר געפיהל צו אירטעניעוו'ן געוואָרען עפּעס אַזוֹי ווי אַ קרענקליכעס; זי האָט איהם געזעהן אין חלום און אויף דער וואָהר אין פינסטערען צימער, און אַלע אַנדערע זענען פאַר איהר פערשוואונדען געוואָרען. ווען ער האָט איהר געמאַכט דעם פאָרשלאָג צו הייראַטען, און מען האָט זיי גע־בענשט, ווען זי האָט זיך צוקושט מיט איהם און זיי זענען גע־וואָרען חתן־כלה, איז ביי איהר שוין דאַן קיין אַנדערע געדאַנקען

נישט געווען, אויסער איהם, קיין אַנדער פערלאַנג אויסער דעם, צו זיין מיט איהם, צו ליעבען איהם און זיין פון איהם געליעבט. זי האָט שטאָלצירט מיט איהם, און אַ מאָדנע וואַרעמקייט האָט זי געפיהלט צו איהם און צו זיך און צו זייער ליעבע און זי האָט אינגאַנצען געצאַנקט און אויסגעגאַנגען פון ליעבע צו איהם.

וואָס מעהר ער האָט זי דערקענט, אַלץ מעהר האָט אויך ער זי ליעב בעקומען. ער האָט אויף קיין פאַל נישט ערוואַרטעט צו בעגעגנען אַזאַ ליעבע, און די ליעבע האָט נאָך פערשטאַרקט זיין געפיהל.

## VI

ערב פריהלינג איז ער געקומען קיין סעמיאָנאָווסקאָיע, אום אַ קוק טהון און אַרויסגעבען די נויטיגע פעראָרדנונגען אין דער בעל־הבית'ישקייט און, הויפטזעכליך, אין שטוב, וואו מען האָט זיך געגרייט צו דער התונה.

מאַריאַ פאַװלאָװנאַ איז געװען אונצופריעדען מיט'ן װהנ'ס שדוך, אָבער נור דערפאַר, װאָס דער שדוך איז נישט געװען אַזאַ גלענצענדער, װי עס האָט געקאָנט זיין, און דערפאַר, װאָס װאַרװאַראַ אַלעקסיעװנאַ, די צוקונפטיגע שװיגער, איז איהר נישט געפעלען געװאָרען. צי זי איז געװען אַ גוטע, צי אַ שלעכטע, דאָס האָט זי נישט געװאוסט און נישט געקאָנט בעשליסען, נאָר אַז זי איז נישט געװען קיין „אויסנאַהמיגע פרוי“, נישט קיין לעדי, נישט קיין comme il fau, װי מאַריאַ פאַװלאָװנאַ האָט צװישען זיך גערעדט, — דאָס האָט זי דערזעהן ביי דער ערשטער בעקאַנטשאַפט און דאָס האָט איהר פערדראָסען; פערדראָסען דערפאַר, װייל זי האָט אויס געװעהנהייט געשעצט די „עכטע פיינקייט“, זי האָט געװאוסט, אַז יעװגעני איז זעהר עמפפינדליך דערויף, און זי האָט פאָרױסגעזעהן פאַר איהם פיעל ליידען פון דעם. דאָס מיידעל אָבער איז איהר געפעלען געװען. געפעלען, הויפטזעכליך, דערפאַר, װייל זי איז געפעלען געװען יעװגעני'ן. מ'האָט זי געמוזט ליעב האָבען, און מאַריאַ פאַװלאָװנאַ איז גרייט געװען דערצו מיט'ן גאַנצען האַרצען.

יעווגעני האָט געפֿונען די מוטער אין אַ פֿרעהליכער, צופֿריעדענער שטימונג. זי האָט איינגעאָרדענט אַלץ אין שטוב און האָט זיך געקליבען אַליין אַוועקצופֿאָהרען באַלד, ווי ער וועט נאָר ברענגען זיין יונגע פֿרוי. יעווגעני האָט זי איינגערעדט צו בלייבען, און די פֿראַגע איז געבליבען הענגען אין דער לופֿט.

אין אָוועגד, ווי געוועהנליך, האָט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ נאָכ'ן טהיי פֿונאַנדערנעלעגט קאָרטען. יעווגעני איז געזעסען דערביי, צוהעלפֿענדיג איהר. דאָס פֿלעגט שטענדיג זיין די צייט פֿון די סאַמע הארצינע געשפּרעכען. פֿערענדיגענדיג איין פּאַסיאַנס און נישט אָנהויבענדיג קיין צווייטען, האָט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ אַ קוק געטהון אויף יעווגעני'ן און אַ ביסעל צושטאַמלענדיג, האָט זי אָנגעהויבען אַזוי:

— און איך האָב דיר געוואָלט זאָגען, זשעניע... געוויס, איך וויים נישט... נאָר איבערהויפּט האָב איך דיר געוואָלט אַ ראַטה געבען, אַז פֿאַר'ן הייראַטען דאַרף מען, אונבעדינגט, פֿערענדיגען די אַלע בחור'שע אינטערעסען, אַזוי אַז עס זאָל נאָכדעם נישט בעאונרוהיגען נישט דיך, נישט, גאָט זאָל אויסהיטען, דיין פֿרוי; דו פֿערשטעהסט מיך?

און, ווירקליך, יעווגעני האָט גלייך פֿערשטאַנען, אַז מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ ניעט איהם דאָ אָנצוהערעניש וועגען זיינע בעציהונגען מיט סטעפּאַנידע'ן, וואָס האָבען זיך איבערגעריסען נאָך פֿון סאַמע הערבסט, און ווי אַלע אֵיינזאַמע פֿרויען, האָט זי די בעציהונגען צונעגעבען אַ פֿיעל גרעסערע בעדייטונג, ווי אין דער ווירקליכקייט. יעווגעני איז רויט געוואָרען, און נישט אַזוי פֿון הרפּה, ווי פֿון פֿערדרוס, וואָס די גוטע מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ מישט זיך — אמת, פֿון ליעבשאַפֿט וועגען, אָבער דאָך מישט זי זיך — דערין, וואָס געהער איהר נישט אָן, וואָס זי פֿערשטעהט נישט און זי קאָן נישט פֿערשטעהן. ער האָט געזאָגט, אַז ביי איהם איז נישטאָ קיין זאַך אַזוינס, וואָס מען זאָל דאַרפֿען בעהאַלטען, און אַז ער האָט זיך די גאַנצע צייט געפֿיהרט אַזוי, אַז קיין זאַך זאָל נישט קאָנען שטערען זיין צוקונפֿטיגען פֿאַמיליען־לעבען.

— נו, איז אויסגעצייכענט, מיין טייערער, דו, זשעניע,

דאַרפסט אויף מיר קיין פּאַראיבעל נישט האָבען — האָט מאַריאַ פּאַוולאָווגאַ געזאָגט, זיך פערשעמענדיג.

יעווגעני האָט אָבער געזעהן, אַז זי האָט נאָך נישט גע־ענדיגט און נאָך נישט געזאָגט דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט. אַזוי איז טאַקי געווען. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי אָנגעהויבען צו דערצעהלען וועגען דעם, אַז ווען ער איז נישט געווען, האָט מען זי געבעטען זיין אַ טויף־מוטער ביי די... פעטשניקאָווס.

דאָס מאָל איז יעווגעני שוין רויט געוואָרען נישט פון פערדרוס און אַפילו נישט פון שאַנדע, נאָר פון עפּעס אַ מאָדר־נעם געפיהל, אַזוי ווי ער וואָלט פאָרויס געפיהלט, אַז דאָ גרייט זיך פאַר איהם אַ וויכטיגע נייעס. און אַזוי איז עס אויך געשעהן, וויַ ער האָט ערוואַרט. מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט, ווי נישט האָבענדיג קיין שום זייטיגע כונה, אויסער דעם געשפּרעך, דערצעהלט, אַז דאָס יאָהר וועלען געבוירען אַלץ אינגלעך; ווייזט אויס, אַז דאָס איז אַ צייכען אויף קריעג. סיי ביי די וואַסינ'ס, סיי ביי די פעטשניקאָווס האָט אַ יונג ווייבעל אַ ערשטלינג געהאַט אַ אינגעל. מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט דאָס געוואָלט דערצעהלען אומבעמערקבאַר, אָבער זי האָט זיך אַליין פערשעמט, ווען זי האָט דערזעהן די פאַרב ביים זוהן אויפ'ן פנים און זיין נערוועזעס אַראָבנעהמען, צוקלאַפּען און אָנטהון די פענסנע, און דאָס אַײַלינע פערדרוי־כערן אַ פּאַפּיראָס. זי איז אַנטשוויגען געוואָרען. ער האָט אויך גע־שוויגען און נישט געקאָנט צוטראַכטען, מיט וואָס קאָן מען איבעררייסען דאָס שווייגען, אַזוי אַז ביידע האָבען זיך אָנגע־שטויסען, אַז זיי האָבען זיך איינער די צווייטע פערשטאַנען.

— יאָ, די הויפּט־זאַך דאַרף מען אין דאָרף זיך פיהרען עהרליך, עס זאָל נישט זיין קיין פאַוואָריטען, ווי ביים פע־טער ביי דיינעם.

— מאַמעניו — האָט פּלוצלונג יעווגעני געזאָגט — איך ווייס, צו וואָס דו רעדסט דאָס אַלץ. דו בעאונרוהיגסט זיך אומזיסט. פאַר מיר איז מיין צוקינפטיגעס פאַמיליען־לעבען אַזאַ היילינגטום, וואָס איך וועל אין קיין פאַל נישט פערשוועכען. און דאָס, וואָס איז געווען אין מיין בחור'שען לעבען, דאָס איז אַלץ שוין איינגאַנצען פערשוואונדען. און איך

האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין שום פֿערבינדונגען, און קיי־נער קאָן נישט האָבען צו מיר קיין פּרעטענזיעס.

— נו, פֿרעהט עס מיך — האָט געזאָגט די מוטער, — איך ווייס דיינע צאַרטע געפֿיהלען, מיין קינד.

יעזוגעני האָט אָנגענומען דער מוטער'ס ליעבע ווערטער, ווי אַ זאַך, וואָס ער האָט ווירקליך פֿערדיענט, און איז ענטשוויגען געוואָרען. אויף מארגען איז ער אַוועקגעפֿאָהרען אין שטאָדט, טראַכטענדיג וועגען דער כלה, וועגען אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט וועגען סטעפּאַנידע'ן. נאָר פּונקט ווי אויף להכעיס, איהם צו דערמאָהנען, האָט ער, פֿאַרבייפֿאָהרענדיג פֿאַרביי דער צערקווע, אָנגעהויבען בעגעגענען דעם עולם, וואָס איז געגאַנגען און גע־פֿאָהרען פֿון דאָרטען. ער האָט געטראָפֿען דעם אַלטען מאַטווי מיט סעמיאָנ'ען, בחורים, יונגע מיידלעך, און אָט געהען צוויי פּויערטעס. איינע אַ עלטערע און די צווייטע אַ אויסגעפּוצטע אין אַ שרייענד־רויט טיכעל, עפּעס אַזוי ווי אַ בעקאַנטע. די פּויערטע געהט לייכט, מונטער, און אויפ'ן האַנד האַלט זי אַ קינד. ער האָט זיך אויסגעגלייכט מיט זיי, די עלטערע פּויערטע האָט זיך פֿערנויגט, אַלטמאָדיש אָבשטעלענדיג זיך, און די יונגע מיט'ן קינד האָט נאָר אָנגעבויגען דעם קאָפּ, און פֿון אונטער'ן טיכעל האָבען אַ גלאַנץ געטהון בעקאַנטע, שמייכלענדע, פֿרעה־ליכע אויגען.

„יאָ, דאָס איז זי טאַקי, אָבער אַלץ איז שוין צווישען אונז געענדיגט און ס'איז נישטאָ וואָס צו קוקען אויף איהר; און דאָס קינד איז אפשר מיינס" — איז איהם דורכגעפֿלויגען אין זינען. „ניין, נאַרישקייטען. דער מאַן איז געוועזען, זי איז צו איהם געגאַנגען". ער האָט אַפילו נישט געוואָלט אויסרעכענען. אַזוי איז ביי איהם בעשלאָסען געווען, אַז מ'האָט עס בעדאַרפֿט צו־ליעב'ן געזונד, ער האָט געצאָהלט געלד, און מעהר גאָרנישט; קיין שום פֿערבינדונג צווישען איהם מיט איהר איז נישט געווען, נישטאָ, עס קאָן נישט און עס דאַרף נישט זיין. עס הייסט נישט, ער זאָל האָבען דערשטיקט די שטימע פֿון זיין געוויסען, ניין—נור איינפֿאַך, דאָס געוויסען האָט אין איהם גאָרנישט גערעדט. און קיין איין־איינציג מאָל האָט ער זיך וועגען איהר נישט

דערמאָהנט נאָך דער מוטער'ס געשפרעך און נאָך דער בענעגעניש. און קיין איינציג מאָל דערנאָך האָט ער זי נישט בעגעגנט.

אַ פּאָר װאָכען נאָך פּאַסחא האָט יעװגעני געפייערט זיין חתונה אין שטאָדט און איז באַלד מיט דער יונגער פרוי אַװעקגעפאָהרען אין דאָרף. דאָס הויז איז געװען איינגעאָרדענט, װי געװעהנליך מ'אָרדענט איין פאַר אַ יונגע פּאָר. מאַריא פּאַװלאָװנאַ האָט געװאָלט אַװעקפאַהרען, נאָר יעװגעני און, הויפּטזעכליך, ליזע האָבען זי איינגעבעטען, זי זאָל בלייבען; דאַן האָט זי זיך אַריבערגעצויגען אין פלינעל צו װאוינען.

און אַזוי האָט זיך פאַר יעװגעני'ן אָנגעהויבען אַ ניי לעבען.

VII

דער ערשטער יאָהר פון פאַמיליען-לעבען איז געװען אַ שװערער יאָהר פאַר יעװגעני'ן. שװער איז ער געװען צוליעב דעם, װאָס די אַלע געשעפטען, װעלכע ער האָט װי-עס-איז אָבגעלעגט אין דער צייט פון שדכנ'ען זיך, זענען איצט, נאָך דער חתונה, פּלוצלונג אַלע מיט אַמאָל אַרויפגעפאַלען אויף איהם.

אַרויספּלאָנטערן זיך פון די הובות האָט זיך אַרויסגעװיזען פאַר אונמעגליך. די זומער-װאוינונג איז געװאָרען פערקויפט, די סאַמע שרייענדע הובות געדעקט, אָבער עס זענען נאָך אַלץ געבליבען חובות און קיין געלד איז נישט געװען. דאָס גוט האָט געבראַכט אַ גוטע איינקונפט, מ'האָט אָבער בעדאַרפט שיקען דעם ברודער און אויסגעבען אויף דער חתונה, אַזוי אַז קיין געלד איז נישט געװען און די פאַבריק האָט נישט געקאָנט אַרבייטען און מען האָט זי געמוזט אָבשטעלען. נאָר איין מיטעל זיך אַרויסצופּלאָנטערן איז געװען: מ'זאָל אויסנוצען דער פרוי'ס געלד. ליזע, פערשטעהענדיג דעם מאַנ'ס לאַגע, האָט עס אַליין געפאָדערט. יעװגעני האָט איינגעשטימט, אָבער נאָר מיט דעם, עס זאָל געמאַכט װערען אַ „קופּטשע" אויף דער פרוי'ס נאָמען אויף אַ העלפט פונ'ם גוט. פערשטעהט זיך, נישט צוליעב דער פרוי, װעמען דאָס האָט בעליידיגט, נאָר צוליעב דער שװיגער.

די געשיכטען מיט די פערשיעדענע ענדערונגען: איצט ערפאָלג, און באַלד ווידער נישט, איז געוועזען איינס, וואָס האָט פערסמ'ט יעווגעניי'ס לעבען דעם ערשטען יאָהר. דאָס צווייטע איז געוועזען דער פרוי'ס שוואַכקייט. דערמיט ווען נאָכדעם ערשטען יאָהר, זיבען מאָנאַטען נאָך דער התונה, האָט מיט ליזע'ן געטראָפען אַנ'אונגליק. זי איז אַרויסגעפאָהרען אין אַ וואָגען בעגעגענען דעם מאַן, וואָס האָט צוריקגעקעהרט פון שטאָדט. דאָס רוהיגע פערדעל האָט זיך צעשפיעלט, זי האָט זיך איבערגעשראָקען, איז אַרויסגעשפרונגען. דער שפרונג איז פערהעלטניסמעסיג געוועזען אַ גע־לונגענער, — זי האָט זיך געקאָנט פערטשעפען פאַר אַ ראָד — אָבער זי האָט שוין געשוואַנגערט, און נאָך דיזעלבע נאַכט האָבען זיך ביי איהר אָנגעהויבען וועהען און זי האָט מפיל געוועזען און האָט לאַנג צו זיך נישט געקאָנט קומען נאָכ'ן מפיל זיין. דאָס פערליי־רען דאָס ערוואַרטעטע קינד, דער פרוי'ס קראַנקהייט, די לעבענס־אונאָרדנונג, וואָס איז דערמיט פערבונדען געוועזען, און, די הויפט־זאַך, דער שוויגער'ס אָנוועזענהייט, וואָס איז געקומען באַלד, ווי ליזע איז קראַנק געוואָרען, — דאָס אַלץ האָט געמאַכט דאָס יאָהר פאַר יעווגעניי'ן נאָך מעהר שווער.

אָבער נישט קוקענדיג אויף די אַלע שווערע צופאַלען, האָט זיך יעווגעניי צום סוף פון ערשטען יאָהר געפיהלט זעהר גוט. ערשטענס, איז זיין איינסטער געדאַנק, צוריקצושטעלען דאָס פערמעגען, צו בענייען דעם זיידענ'ס לעבען אין נייע פאָר־מען, הגם זעהר שווער און לאַנגזאַם, דאָך ערפילט געוואָרען. ערשט האָט שוין קיין רייד נישט געקאָנט זיין ווענען פערקויפען דאָס גאַנצע גוט פאַר די חובות. דאָס הויפט־פערמעגען. האָטש איבערגעשריבען אויף דער פרוי'ס נאָמען, איז געוועזען געראַטעוועט, און אויב נאָר די בוראַקעס וועלען זיין געראָטען און די פרייזען גוט, קאָן צום קינפטיגען יאָהר די לאַגע פערענדערט ווערען פון נויט און אָנגעשטרענגטקייט אין פאָלקאָמענעם וואוילבעשטאַנד. דאָס איז געוועזען איינס.

צווייטענס איז געוועזען דאָס, וואָס וויפיעל ער האָט נישט ערוואַרט פון זיין פרוי, האָט ער דאָך זיך נישט געריכט צו גע־פינען אין איהר דאָס, וואָס ער האָט געפונען. זי איז געוועזען

נישט דאָס, וואָס ער האָט ערוואַרט, נאָר נאָך פיעל בעסער. קיין ענטציקונג, פערליעבטע בעגייסטערונג. דאָס ער האָט זיך בעמיהט עס אַרויסצוווייזען, איז ביי איהם נישט אַרויסגעקומען, אָדער עס איז אַרויסגעקומען זעהר שוואַך; דערפאַר אָבער האָט זיך בעקומען עטוואָס גאַנץ אַנדערעס, - דאָס, וואָס עס איז נישט נור פרעהליכער, אָנגענעהמער, נאָר אויך גרינגער געוואָרען צו לעבען. ער האָט נישט געוואוסט, פון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען, אָבער אַזוי איז עס דאָך געוועזען.

און געקומען איז עס דערפון, וואָס באַלד נאָך דער פערלאָבונג האָט זי בעשלאָסען, אַז פון אַלע מענשען אויף דער גאַנצער וועלט איז נור דאָ איין יעווגעני אירטעניעוו העכער, קליגער, ריינער און איידעלער פון אַלע, און דעריבער זענען אַלע מענשען מחויב צו בעדיענען און טהון, וואָס אָנגענעהם איז דעם אירטעניעוו'ן; נאָר אַזוי ווי אַלעמען קאָן מען דאָך נישט צווינגען עס צו טהון, דאַרף זי, אויף ווי ווייט איהרע קרעפטען דיענען, זיך בעמיהען אַליין עס צו טהון. און דאָס האָט זי אויך מקיים געווען; און דעריבער זענען אַלע איהרע גייסטיגע קרעפטען אָנגעווענדט געווען דערויף, צו דערוויסען זיך, צו טרעפען, וואָס ער האָט ליעב, און דערנאָך טהון עס, וואָס דאָס זאָל נישט זיין און ווי שווער דאָס זאָל נישט זיין.

און זי האָט פערמאָגט דאָס, וואָס איז די הויפט-פראַכט אין צוזאַמען-זיין מיט אַ ליעבענדער פרוי: זי האָט, צוליעב איהר איבערגעבענהייט צו איהם, זיך אויסגעלערנט לייענען ביי איהם אין דער נשמה. זי האָט געפיהלט, — איהם האָט זיך געדאַכט, צייטענווייז נאָך פיעל בעסער, ווי ער אַליין — יעדען צושטאַנד פון זיין גייסט, יעדע שאַטירונג פון זיין געפיהל, און אָבהענגיג פון דעם פלעגט זי זיך בענעהן, — זי פלעגט דערום קיינמאָל נישט בעליידיגען זיין געפיהל, נאָר שטענדיג בערוהיגען דאָס שווערע און פערשטאַרקען דאָס פרעהליכע. און נישט נור געפיהלען — זיינע געדאַנקען האָט זי פערשטאַנען. זאַכען, ווי פרעמד זיי זאָלען איהר נישט זיין, אין דער דאָרפישער בעל-בת'ישקייט, אויף דער פאַבריק, אין אָבשאַצען מענשען האָט זי גלייך פערשטאַנען, און נישט נור וואָס ער האָט געקאָנט רעדען מיט איהר פערברענט די פינגער. ער האָט זיך עס דערמאָנט. „יאָ, איך

װעגען דעם, נאָר זי איז פֿאַר איהם גאַנץ אָפּט, װי ער פֿלעגט איהר אַלײן זאָגען, געװען אַ ניצליכע, אונפֿערבײטליכע עצה־געבערין. אויף זאַכען, מענשען, אויף אַלץ אין דער װעלט האָט זי גע־קוקט נור מיט זײנע אויגען. זי האָט ליעב געהאַט איהר מו־טער, נאָר דערזעהענדיג, אַז יעװגעני׳ן פֿלעגט אונאַנגענעהם זײן דער שװיגער׳ס אַרײנמישען זיך אין זײער לעבען, האָט זי זיך גלײך אַװעקגעשטעלט אויפֿ׳ן מאַנ׳ס צד, און מיט אַזאַ ענטשלאָסענהײט, אַז ער פֿלעגט זי דאַרפֿען בערוהיגען.

אויסער דען אַלעס האָט זי פֿערמאָגט זעהר פֿיעל גע־שמאַק, טאַקט, און, די הויפּט־זאַך, שטילקײט. אַלץ, װאָס זי האָט געטהון, האָט זי געטהון אונבעמערקזאַם; צו בעמערקען פֿלעגט נור זײן די רעזולטאַטען פֿון דער אַרבײט, דאָס הײסט, רײנקײט, אָרדנונג און עלעגאַנץ שטענדיג און אומעדום. ליזע האָט גלײך דערפֿיהלט, אין װאָס עס איז בעשטאַנען איהר מאַנ׳ס לעבענס־אידעאַל, און זי האָט זיך בעמיהט עס צו דערגרײכען, און זי פֿלעגט אין דער הויזליכער אָרדנונג און אויפֿ־פֿיהרונג דערגרײכען דאָס, װאָס ער האָט פֿערלאַנגט. ס׳האָבען נאָר געפֿעהלט קינדער, אָבער אויך דערויף איז געװען אַ האָפֿנונג. װינטער־צײט זענען זײ צוגעפֿאָהרען קײן פּעטערבורג צו אַנ׳אַקו־שער, און ער האָט זײ פֿערזיכערט, אַז זי איז אינגאַנצען געזונד און איז אימשטאַנד צו געבוירען.

און דער דאָזיגער װוּנש איז אויך געשעהן. ענדע יאָהר איז זי װידער שװאַנגער געװאָרען.

אײנס נור איז געװען, װאָס האָט גערדאָהט זײער גליק, — דאָס איז געװען איהר אײפֿערזיכטיגקײט, — די אײפֿערזוכט, װאָס זי האָט אײנגעהאַלטען, נישט אַרויסװײזענדיג, אָבער פֿון װעל־כער זי האָט גאַנץ אָפּט געליטען. נישט בלויז יעװגעני האָט נישט געטאָרט קײנעם ליעב האָבען, װײל עס איז נישט געװען אויף דער װעלט קײן פֿרוי, װאָס זאָל איהם װערטה זײן (װעגען דעם, צי זי איז איהם װערטה געװען, צי נײן, האָט זי זיך קײנמאָל נישט געפֿרעגט), נאָר קײן פֿרוי האָט אויך נישט געטאָרט האָבען די פֿרעכהײט איהם צו ליעבען.

## VIII

נעלעבט האָבען זיי אַזוי: ער פֿלעגט אויפֿשטעהן, ווי שטענדיג, פֿריה, און געהן בעטראַכטען די בעל־הבתישקייט, די פֿאַבריק, וואו מ'האָט געאַרבייט, אַמאָל אויך אין פֿעלד. אַ ביי־נער צעהן פֿלעגט ער קומען צום קאַפֿע; די קאַפֿע פֿלעגען טרינקען אויף דער טעראַסע מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ, דער פֿעטער, וואָס האָט געוואוינט ביי זיי, און ליזע. נאָך די שמועסען, אָפֿט נאַנץ בעלעבטע, ביים קאַפֿע, פֿלעגט מען זיך פֿונאַנ־דערגעהן ביז מיטאָג. צוויי אַ זייגער איז געווען מיטאָג און דערנאָך איז מען געגאַנגען אָדער געפֿאָהרען שפּאַצירען. אין אָווענד, ווען ער פֿלעגט קומען פֿון קאָנטאָר, האָט מען שפּעט געטרונקען טהיי, אַמאָל פֿלעגט ער פֿאָרלעזען הויך, זי האָט געאַרבייט, אָדער מ'האָט געשפּיעלט קלאַוויר, אָדער געשמועסט, ווען עס פֿלעגען זיין געסט. אַז ער פֿלעגט אַוועקפֿאָהרען געשעפֿטליך, האָט ער געשריבען און בעקומען פֿון איהר בריעף יעדען טאָג. אַמאָל פֿלעגט זי מיטפֿאָהרען מיט איהם, און דאָס איז געווען בעזונדערס פֿרעהליך. אין זיינע און איהרע גיטער פֿלעגען זיך אויפֿקלייבען געסט, און איהם איז אַנגענעהם געווען צו זעהן, ווי זי פֿלעגט קאָנען אַלץ איינאָרדנען אַזוי, אַז אַלעמען איז בעקוועם געווען. ער האָט געזעהן, און ער האָט זי נאָך מעהר געליעבט דערפֿאַר.

אַלץ איז געגאַנגען אויסגעצייכענט. געשוואַנגערט האָט זי גרינג, און זיי ביידע, האָטש אַליין שרעקענדיג זיך, האָבען אָנגעהויבען צו טרוימען, ווי זיי וועלען ערציהען דאָס קינד. דאָס אַרט ערציהען, די מעטאָדען, דאָס אַלץ פֿלעגט בעשליסען יעווגעני און זי האָט זיך נור געווינשט אונטערטעניג צו ערפֿילען זיין ווילען. יעווגעני ווידער האָט זיך אָנגעלייענט מיט מעדיצי־נישע ביכער און האָט זיך געקליבען צו ערציהען דאָס קינד לויט אַלע כללים פֿון דער וויסענשאַפֿט. זי האָט, פֿערשטעהט זיך, אויף אַלץ איינגעשטימט און האָט זיך גע־גרייט, האָט גענעהט וויקעלעך זומערדינע און ווינטערדינע און איינגעאָרדענט אַ וויעגעלע. אַזוי איז אָנגעקומען דער צוויי־טער יאָהר פֿון נאָך זייער התונה און דער צווייטער פֿריהלינג.

## IX

נעווען איז עס פֿאַר טראָיצע. ליזע איז נעוועזן אין פֿינפֿטען מאָנאַט און האָטש זי האָט זיך נעהיט, איז זי דאָך געווען פֿרעהליך און ריהרעוודיג. ביידע מוטערס, איהרע און זיינע, האָבען נעוואוינט אין שטוב, און מיט'ן אויסרייד זי אָפּ־צוהיטען און בעשירמען, האָבען זיי זי נור בעאונרוהיגט מיט זייער רייסען זיך. יעווגעני האָט זיך בעזונדערס היים פֿערנו־מען מיט דער ווירטשאַפֿט, מיט דער נייער אויסאַרבייטונג פֿון די בוראַקעס אין גרויסען פֿאָרמאַט.

פֿאַר טראָיצע האָט ליזע בעשלאָסען, אַז מ'דאַרף גוט אויסרייניגען די שטוב, וואָס מ'האָט שוין ניט נעטהון פֿון פּאַסהאַ אָן, און זי האָט נערופֿען צו הילף דער איינענער דיענערשאַפֿט צוויי פּויערטעס, טאָג־אַרבייטאָרינס, אויסצעוואַשען די פּאָדלאָגעס, די פֿענסטער, אויסצוקלאַפּען דאָס מעבעל, די טעפּיכער און אָנציהען ציכער אויף די בעטגעוואַנד. אויפ'ן פֿריה־מאָרגען זענען געקומען די פּויערטעס, האָבען אַוועקגעשטעלט טעפּ מיט וואַסער און זיך גענומען צו דער אַרבייט. איינע פֿון די צוויי פּויערטעס איז געווען סטעפּאַנידע, וועלכע האָט נור־וואָס אַנטוועהנט איהר יונגעל (פֿון דער ברוסט) און האָט זיך אָנגעשלאָגען פֿאַר אַ פּאָדלאָגע־וועשערין דורכ'ן „קאָנ־טאָרשטשיק", מיט וועלכען זי פֿלעגט איצט זיך צ'נויפֿקומען. איהר האָט זיך געוואָלט גוט פֿון דערנאָהענט בעקוקען, ווי עס וואוינט די נייע פּריצ'טע. סטעפּאַנידע האָט געלעבט, ווי פֿריהער, אַליין, אָהן מאַן, און אַזוי ווי זי האָט פֿריהער געהאַט בעציהונגען מיט'ן וואַלד־וועכטער דאַנילאַ'ן, וואָס האָט די נעהאַפּט מיט נע'גנב'עטע האָלץ, דערנאָך מיט'ן פּריץ, אַזוי איז זי איצט געווען מיט'ן יונגען קליינעם קאָנטאָרשטשיק. וועגען פּריץ האָט זי נאָר אַפּילו נישט געקלערט. „ער האָט ערשט אַ ווייב, — האָט זי זיך געטראַכט. — נאָר מ'וואָלט פֿונדעסטוועגען בעדאַרפֿט אַ קוק טהון די פּריצ'טע, איהר איינ־אָרדנונג: גוט, זאָגט מען, ביי איהר אייננעאָרדענט".

יעווגעני האָט זי פֿון דער צייט, זינט ער האָט זי

געטראָפען מיט'ן קינד, נישט געזעהן. אויף טאָג-ארבייט איז זי נישט געגאַנגען, ווייל זי איז געווען מיט אַ קינד, און ער פלעגט זעלטען דורכגעהן דורכ'ן דאָרף. אין דעם דאָזיגען פריהמאָרגען, ערב טראָיצע, איז יעווגעני פריה, אַ זייגער פינף, אויפגעשטאַנען און איז אַוועקגעפאָהרען אויף דאָס פאַרע-פעלד, וואו מ'האָט בעדאַרפט שיטען פאָספאָריטען, און איז אַרויס פון שטוב, נאָך איידער די פויערטעס זענען אַהין אַריין, בשעת זיי האָבען זיך אַרומגעדרעהט אַרום אויווען מיט די טעפּ.

א פרעהליכער, צופריעדענער און הונגעריגער, איז יעווגעני רייטענדיג געפאָהרען אַהיים צוריק אויף פריהשטיק. ער איז אַראָב פון פערד נעבען טהירעל פון הויף און, איבערגעבענדיג עס דעם דורכגעהענדען גערטנער, שמייסענדיג מיט'ן בייטשעל די הויכע גראָז, איבער'הזר'נדיג, ווי דאָס טרעפט אָפט, אַנ'אַרויס-געזאָגטע פראַזע, איז ער געגאַנגען צום שטוב. די פראַזע, וואָס ער האָט אַלץ ווידערהאָלט, איז געווען: „די פאָספאָריטען וועלען איינטראָגען". — וואָס, וועמען, — האָט ער נישט גע-טאוסט און נישט געטראַכט.

אויפ'ן גראָז האָט מען אויסגעקלאַפּט אַ טעפּיך. דאָס מעבעל איז געווען אַרויסגעטראָגען. „מאַמעלעך! ס'אַר'אַ מין פוצעניש ליזע האָט עס אונטערגענומען!... די פאָספאָריטען וועלען איינטראָגען... דאָס איז אַ ווירטין! אַ ווירטינדעל! יאָ, אַ ווירטינדעל, — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט, זיך לע-בעדיג פאָרשטעלענדיג זי אינ'ם ווייסען קאַפּאָט מיט'ן פנים, וואָס שטראַהלט פון פרייד, ווי שטענדיג, ווען ער קוקט אויף איהר.—יאָ, מ'דאַרף איבערבייטען די שטיוועל, אַנישט ווע-לען די פאָספאָריטען אַיינטראָגען, ד. ה. ס'הערט זיך מיסט, און דאָס ווירטינדעל איז דאָך אין אַזאַ מין לאַגע. וואָס פאַר אַ לאַגע? יאָ, ס'וואַקסט דאָך אין איהר דאָרטען אַ קליינינקער אירטעניעוו'ל, אַ נייער,—האָט ער אַ טראַכט געטהון.—יאָ, די פאָספאָריטען וועלען איינטראָגען", און שמייכלענדיג צו זיינע איינענע געדאַנקען, האָט ער אַ שטופּ געטהון מיט דער האַנד די טהיר פון זיין צימער.

אָבער ער האָט נאָך נישט בעוויזען אָנצודריקען גוט די טהיר, ווי זי האָט זיך אַליין געעפענט, און נאָז אָן נאָז האָט ער זיך אָנגעטראָפען מיט אַ פויערטע, וואָס איז איהם געגאַנגען אַנטקעגען, מיט אַ שעפעל, אין אַנ'אַרונטערגעשטעקט (קליידעל), באָרוויס, און מיט הויך פערשאַרטע אַרבעל. ער האָט זיך אָבגערוקט אָן אַ זייט, כדי דורכצולאָזען די פויערטע, זי האָט זיך אויך אָבגערוקט, פעררילטענדיג מיט דער נאַסער האַנד דאָס פעררוקטע טיכעל.

— געה, געה, איך וועל נישט נעהן, אויב איהר... — האָט יעוונעני געהאַט אָנגעהויבען און, פלוצלונג, דערקענענדיג זי, איז ער שטעהן געבליבען.

זי האָט, שמייכלענדיג מיט די אויגען, פרעהליך אַ קוק געטהון אויף איהם, און צורעכטמאַכענדיג דאָס קליידעל, איז זי אַרויס פון טהיר.

„וואָס פאַר אַ נאַרישקייטען?... וואָס איז עס?... ס'קאָן נישט זיין" האָט המורענדיג זיך און אָבטרייסלענדיג זיך, ווי פון אַ פליג, גערעדט צו זיך יעוונעני, אונצופריעדען דערמיט, וואָס ער האָט זי בעמערקט. ער איז אונצופריעדען געווען דער־מיט, וואָס ער האָט זי בעמערקט, אָבער צוזאַמען דערמיט האָט ער נישט געקאָנט אָברייסען די אויגען פון איהר קערפער, וואָס האָט זיך געוויעגט פונ'ם פלינקען, פעסטען גאַנג פון איהרע באָרוויסע פיס, פון איהרע הענד, אַקסעל, שענע פאַל־דען פון דער העמד און רויט קלייד, הויך פערשטעקט איבער די ווייסע איקרעס.

„וואָס־זשע קוק איך?" — האָט ער צו זיך געזאָגט, אַראָבלאָזענדיג די אויגען, כדי זי נישט צו זעהן. — „יאָ, מ'דאַרף פונדעסטוועגען אַרויסגעהן, נעהמען אַנדערע שטיוועל". און ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק צו זיך אין צימער אַריין; אָבער ער האָט נאָך נישט בעוויזען דורכצוגעהן קיין פינף טריט, ווי ער האָט זיך, אַליין נישט וויסענדיג, ווי אַזוי און לויט וועמענס בעפעהל, ווידער אומגעקוקט, אום זי נאָך אַמאָל צו זעהן. זי איז אַרונטערגעגאַנגען אונטער'ן ווינקעל און האָט זיך אין דעם אויגענבליק אויך אומגעקוקט אויף איהם.

„אַך, וואָס טהו איך! — האָט ער אויסגעשריען בּיי זיך אין האַרצען. — זי קאָן נאָך מיינען... שוין װיכער האָט זי אַ טראַכט געטהון“.

ער איז אַריין אין זיין נאַסען צימער. אַ צווייטע פּויערטע, אַ אַלטע, אַ דאַרע, איז געװען דאָרט און האָט נאָך געװאַשען. יעװגעני איז אויף די שפּיץ-פינגער אַריבּערגעגאַנגען איבּער די בּרודינע לװשעם צו דער װאַנד, װאו עס זענען געשטאַנען די שטיװעל, און האָט געװאָלט אַרויסגעהן, װי די אַלטע איז אויך אַרויסגעגאַנגען.

„די איז אַרויס, און עס װעט קומען יענע, סטעפּאַנידע אַליין“, האָט פּלוצלונג אָנגעהויבּען אין איהם עטװאָס זיך צו בּעדענקען.

„גאָט מיינער, װאָס טראַכט איך, װאָס טהו איך!“ ער האָט געהאַפּט די שטיװעל און איז אַרויסגעלאָפען אין פאָרדער-צימער, דאָרט האָט ער זיי אָנגעטהון, זיך אָבּגערייניגט, און איז אַרויס אויף דער טעראַסע, װאו בּיידע מאַמעס זענען שוין געזעסען בּיים קאָפע. ליזע האָט, װאַהרשיינליך, געװאַרט אויף איהם און איז אַרויפגעקומען אויף דער טעראַסע פון אַן'אַנדער טהיר צוגלייך מיט איהם.

„גאָט מיינער! װען זי, װאָס האַלט מיך פאַר אַזאַ אָרענטליכען, ריינעם, אונשולדיגען, װען זי זאָל װיסען!“ האָט ער אַ טראַכט געטהון.

ליזע האָט איהם, װי שטענדיג, בּעגעגענט מיט אַ שיי-נענדיג פּנים. נאָר היינט האָט זי איהם עפּיס בּעזונדערס אויס-געװיזען בּלאַס, געל און אויסגעצויגען, שװאַך.

X.

בּיים קאָפע, װי עס פלעגט אָפט טרעפען, איז געגאַנגען דער בּעזונדערער װייבּערשער געשפּרעך, אין װעלכען עס איז נישט געװען קיין שום לאָגישע פערבּינדונג, און װעלכער האָט אָבּער דאָך, װייזט אויס, געהאַט עפּיס אַ צוזאַמענהאַנג, װייל ער האָט זיך געצויגען אָהן אַן'אויפהער.

בּיידע עלטערע דאַמען האָבּען זיך איינס דאָס אַנדערע

בעשטאָכען, און ליזע האָט זיך קונציג געדרעהט צווישען זיי:
— מיך קרענקט אַזוי, וואָס מ'האָט נישט בעוויזען אויס־צעוואַשען דיין צימער ביז דיין קומען, — האָט זי געזאָגט דעם מאַן. — און עס ווילט זיך אַזוי אַלץ איבערדרייניגען.
— נו, וואָס מאַכסטו, ביזט נעשלאָפען נאָך מיין אַוועק־געהן?
— יאָ, כ'בין געשלאָפען, כ'פיהל מיך גוט.
— ווי קאָן זיך עס פיהלען גוט אַ פרוי אין איהר לאַגע אין אַזאַ אונערטרעגליכער היץ, אַז די פענסטער זענען אויף דער זון, — האָט געזאָגט וואַרוואַרא אַלעקסייעוונאַ, איהר מאַמע. — און אָהן זשאַלוזען אָדער ראָלעטען. ביי מיר זענען שטענדיג ראָלעטען.
— דאָ איז דאָך אָבער פאַרהאַן שאָטען פון צעהן אַ זייגער אָן, — האָט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ געזאָגט.
— דערפון, פון שאָטען, נעהמט זיך טאַקע פיבער, — פון פייכטקייט! — האָט געזאָגט וואַרוואַראַ אַלעקסייעוונאַ, נישט בעמערקענדיג דאָס, אַז זי זאָגט פונקט קאַפּויר פון דעם, וואָס זי האָט נור־וואָס געזאָגט, — מיין דאָקטאָר פלעגט שטענ־דיג זאָגען, אַז מ'קאָן קיינמאָל נישט בעשטימען די קראַנקהייט, נישט קענענדיג דער קראַנקערס כאַראַקטער. און ער ווייס שוין, וואָס ער רעדט, ווייל ער איז דער בעסטער דאָקטאָר, און מיר צאָהלען איהם הונדערט רובל אַ וויזיט. מיין מאַן, ע"ה, האָט נישט געהאַלטען פון דאָקטוירים, נור פאַר מיר האָט ער קיינ־מאָל קיין זאַך נישט נעקאַרגט.
— ווי זשע קאָן אַ מאַן קאַרגען פאַר זיין פרוי, ווען דאָס לעבען פון איהר קינד הענגט אָב פון ליכט...
— יאָ, ווען ס'איז דאָ מיטלען, קאָן די פרוי נישט זיין אָבהענגיג פון מאַן. אַ גוטע פרוי גיט זיך אונטער דעם מאַן, — האָט געזאָגט וואַרוואַראַ אַלעקסייעוונאַ, — אָבער ליזע איז נאָך צו־שוואַך נאָך איהר קראַנקהייט.
— אָבער ניין, מאַמאַ, איך פיהל מיך אויסגעצייכענט. וואָס, קיין איבערגעזאָטענע שמאַנט האָט מען אייך נישט דערלאַנגט?
— איך דאַרף נישט. איך פערדייהע רוהיג אויך.

— איך האָב געפרעגט וואַרוואַרא אַלעקסייעוונאַ'ן, האָט זי זיך ענטזאַגט, — האָט געזאָגט מאַריאַ פּאַװלאָװנאַ, ווי פערענטפערענדיג זיך.

— ניין, איך וויל היינט נישט. — און כלומר'שט איבערצורייסען דעם אונאַנגענעהמען געשפּרעך און גרויסמוטהיג אָבטרעטענדיג, האָט זיך וואַרוואַרא אַלעקסייעוונא געווענדעט צו יעווגעני'ן. — נו וואָס, מ'האָט שוין פונאַנדערגעשאָסען די פּאָספּאָרין?

ליזע איז אַוועקגעלאָפען נאָך שמאַנט.

— אַז איך וויל נישט, כ'וויל נישט.

— ליזע, ליזע, רוהיגער, — האָט געזאָגט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ. — אָט די גיכע בעוועגונגען זענען פאַר איהר אומגעזונד.

— קיין זאַך איז נישט אומגעזונד, אויב ס'איז נור דאָ איגערליכע רוהינקייט, — האָט געזאָגט, ווי אויף עפּיס אָנווינקענדיג, וואַרוואַראַ אַלעקסייעוונאַ, הגם זי האָט אַליין געוואוסט, אַז איהרע ווערטער קאָנען אויף קיין זאַך נישט אָנווינקען.

ליזע איז צוריקגעקומען מיט די סמעטענע, יעווגעני האָט געטרונקען זיין קאָפע, און האָט אָנגע'ברוגז'ט געשוויגען. ער איז געוועהנט געווען צו די געשפּרעכען, אָבער היינט האָט איהם בעזונדערס אויפגערעגט זייער אונזיניגקייט. ער האָט געוואָלט בעטראַכטען דאָס, וואָס מיט איהם איז געשעהן, און די פּלאַפּלעריי האָט איהם געשטערט. אויסטרינקענדיג די קאָפע, איז וואַרוואַראַ אַלעקסייעוונאַ אַװעקגעגאַנגען אין אַ שלעכטער שטימונג. געבליבען זענען אַליין — ליזע, יעווגעני און מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ. און אַ געשפּרעך איז געגאַנגען אַ פּשוט'ער, אַ אַנגענעהמער. אָבער ליזע, וועלכע איז געווען אויס ליעבע צום מאַן אַזוי עמפּפינדליך, האָט גלייך בעמערקט, אַז עפּיס פּייניגט יעווגעני'ן, און זי האָט איהם געפרעגט, צי האָט ער נישט געהאַט קיין אונאַנגענעהמליכקייטען. ער איז נישט צוגעגרייט געווען צו דער פראַגע און האָט זיך אַ ביסעל צומישט, ענטפערענדיג, אַז ס'איז גאָרנישט. און דער ענטפער האָט נאָך מעהר געצוואונגען ליזע'ן

צו פערטראַכטען זיך. אַז עפּיס האָט איהם געמאַטערט און שטאַרק געמאַטערט, איז פאַר איהר געװען אַזױ קלאָר, װי דאָס, אַז אַ פליג איז נור־װאָס אַרײַנגעפאַלען אין די מילך, אָבער ער האָט נישט גערעדט. װאָס זשע איז דאָס געװען אַזױנס?

XI

נאָכ׳ן פריהשטיק זענען װי זיך אַלע צונאַנגען. יעװגעני איז, לױט זײַן שטײגער, אַװעק צו זיך אין קאַבינעט. ער האָט זיך נישט גענומען נישט צום לײענען, נישט שרײַבען בריעף, נאָר ער האָט זיך אַװעקגעזעצט און אָנגעהױבען רױכערן אײן פאַפּיראָס נאָכ׳ן צװײטען, טראַכטענדיג. איהם האָט שרעקליך פערװאונדערט און געקרענקט דאָס העסליכע געפיהל, װאָס האָט זיך אין איהם אונערװאַרטעט אַרױסגעװיזען, פון װעלכען ער האָט געמײנט שױן צו האָבען זיך בעפרײט פון זינט ער האָט התונה געהאַט. פון יענער צײַט אָן האָט ער קײן אײן מאָל נישט געפיהלט אַזאַ געפיהל נישט צו איהר, צו דער פרױ, װאָס ער האָט געקענט, נישט צו קײן שום אַנדער פרױ, אױסער זײַן װײַב. ער האָט זיך אין האַרצען בײַ זיך פיעל מאָל געפרעהט איבער זײַן בעפרײַאונג, און אָט האָט פּלוצלונג דער צופאַל, אַזאַ, דאַכט זיך, נישטיגער, ענטדעקט איהם, אַז ער איז נישט פרײַ. איהם האָט איצט געמאַטערט נישט דאָס, װאָס ער האָט זיך װײטער אונטערגעגעבען דעם געפיהל, נישט דאָס, װאָס ער בענגעהרט זי, — װעגען דעם האָט ער אַפילו טראַכטען נישט געװאָלט, — נאָר דאָס, װאָס דאָס געפיהל לעבט אין איהם, און מ׳דאַרף שטעהן אױף דער װאַך געגען איהם. אין דעם, אַז ער װעט דאָס געפיהל דערשטיקען, איז בײַ איהם אין האַרצען גאָר קײן ספק נישט געװען.

ער האָט געהאַט אײן נישט־געענטפערטען בריעף און אַ פאַפּיר, װאָס מ׳האָט געדאַרפט אָנשרײַבען. ער האָט זיך גע־זעצט צום שרײַב־טיש און גענומען זיך צו דער אַרבײַט. פער־ענדיגענדיג עס און שױן אינגאַנצען האָבענדיג פערגעסען דאָס, װאָס האָט איהם אױפגערודערט, איז ער אַרױס, אום אַרײַנצו־

נעהן אין פערד-שטאַהל. און ווידער, ווי צום אומגליק, צו-פעלינג אָדער אָבזיכטליך, נאָר באַלד ווי ער איז אַרויס אויפ'ן נאַניק, האָט זיך פון הינטער'ן ווינקעל פון הויז בעוויזען אַ רויט קלייד מיט אַ רויט טיכעל און, פאָכענדיג מיט די הענד און וואַקלענדיג זיך, דורכגעגאַנגען פאַרביי איהם. און נישט בלויז דורכגעגאַנגען, נאָר דורכגעלאָפען, אויסמיידענדיג איהם, ווי שפּיע-לענדיג זיך, און דעריאָגט די חבר'טע.

און ווידער האָט זיך אויפגעוועקט אין זיין פאַנטאַזיע אַ העלער מיטאָג, קראָפּיווע, די הינטערשטע זייט פון דאַנילאַ'ס וועכטער-שטיבעל און אין שאָטען פון די קלענעס איהר שמייכ-לענד נעזיכט, בשעת זי קייט די בלעטער.

— ניין, עס איז אונמעגליך אַזוי די זאַך צו לאָזען, — האָט ער זיך געזאָגט, און אונטערוואַרטענדיג, ביז די פויערטעס זענען פערשוואונדען געוואָרען פון די אויגען, איז ער אַריין אין קאָנטאָר.

ס'איז געווען גראָד מיטאָג-צייט און ער האָט נעטראָפט נאָך צו טרעפען דאָרטען דעם פּריקאַזטשיק. אַזוי איז אויך גע-שעהן. דער פּריקאַזטשיק האָט זיך נור-וואָס געהאַט אויפ-געהאַפּט. ער איז געשטאַנען אין קאָנטאָר, זיך אויסציהענדיג, געגענעצט, קוקענדיג אויפ'ן פאַסטוך, וואָס האָט צו איהם עפּיס גערעדט.

— וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש!

— וואָס וועט איהר בעפעהלען?

— כ'האָב געוואָלט איבעררעדען מיט אייך.

— וואָס ווערט איהר בעפעהלען?

— אָט, פערענדיגט.

— וועסטו נישט ברענגען? — האָט וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש זיך ווידער געווענדט צום פאַסטוך.

— שווער, וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש.

— וואָס איז עס? — האָט געפרעגט יעווגעני.

— אַ קוה האָט זיך אָבגעקעלבט אין פעלד. נו, רעכט, כ'וועל באַלד הייסען שפּאַנען אַ פערד. אָדער הייס אַליין ניקאָ-לאַי'ען שפּאַנען די „ליסוחע"...

דער פּאַסטוך איז אַוועקגעגאַנגען.

— פֿערשטעהט איהר מיך.—האָט, רויט ווערענדיג און פֿיהלענדיג עס, אָנגעהויבען יעווגעני.—אָט זעהט איהר, וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש. דאָ, ווען איך בין נאָך געווען אַ אונ־פֿערהייראַטער, האָב איך אַ ביסעל אונטערגעזינדיגט... איהר האָט פֿילײַכט געהערט...

וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש האָט געשמייכעלט מיט די אויגען און, וואַהרשיינליך, מיטלייד האָבענדיג אויפֿ׳ן „באַרין“, האָט ער געזאָגט:

— דאָס רעדט דער „באַרין“ וועגען סטעפּאַשקען?

— נו, יאָ. איז אָט וואָס. איך בעט אײַך, איך בעט אײַך, נעהמט זי נישט אויף קיין טאָג-אַרבייט אין שטוב אַריין. איהר פֿערשטעהט, מיר איז זעהר נישט אַנגענעהם...

— דאָס האָט געווים וואַניע, דער קאָנטאָרשטשיק, פֿער־אָרדענט.

— איז בעט איך אײַך... נו, ווי זשע, מ׳וועט צושיטען דאָס איבעריגע? — האָט יעווגעני פּלוצלונג אַ זאָג געטהון, כּדי צו בעהאַלטען זיין פֿערשעמטקייט.

— אָט, איך פֿאָהר באַלד.

און אַזוי האָט זיך עס געענדיגט. און יעווגעני האָט זיך בערוהיגט, האָפֿענדיג, אַז אַזוי ווי ער האָט דורכגעלעבט אַ יאָהר, נישט זעהענדיג זי, וועט עס אויך ווייטער אַזוי זיין. „אויסער דעם, וועט וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש זאָגען איוואַן דעם קאָנטאָרשטשיק; איוואַן וועט איהר זאָגען, און זי וועט פֿער־שטעהן, אַז איך וויל עס מעהר נישט ליידען“, האָט זיך יעווגעני געזאָגט און האָט זיך געפֿרעהט דערויף, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך און געזאָגט וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש׳ען, ווי שווער עס איז איהם נישט געווען. „יאָ, אַליץ בעסער, אַליץ בעסער, ווי דער צווייפֿעל, די שאַנדע“. ער האָט אַוש אויפֿגעציטערט פֿון דער ערינערונג אַליין וועגען זיין פֿער־ברעכען, וועלכען ער איז אין געדאַנקען שוין בעגאַנגען...

## XII

די גייסטיגע אָנשטרענגונג, וואָס ער האָט געמאַכט, בעקעמפפענדיג דאָס בושה־געפיהל צו זאָגען וואַסילי ניקאָ־לאַיעוויטש'ען, האָט יעווגעני'ן בערוהיגט. איהם האָט זיך גע־דאַכט, אַז איצט איז אַלץ געענדיגט. און ליזע האָט גלייך בעמערקט, אַז ער איז אינגאַנצען רוהיג און אפילו פרעהליכער, ווי געוועהנליך. „געוויס האָט איהם געקרענקט אָט די ריי־סעניש צווישען די מאַמעס. עס איז ווירקליך שווער צו פער־טראָגען און דערצו נאָך איהם מיט זיין עמפפינדליכקייט און איידעלקייט, צו הערען שטענדיג אָט די בייזיגע, אונאַרטיגע אָנ־צוהערענישען אויף עפּים" — האָט ליזע געטראַכט.

דער צווייטער טאָג איז געווען טראָיצע. דאָס וועטער איז געווען אויסגעצייכענט און די פויערטעס זענען, ווי געוועהנליך, געהענדיג אין וואַלד אריין פלעכטען קרענץ, צוגעגאַנגען צום פריצ'ס שטוב און געזונגען זינגען און טאַנצען. מאַריאַ פּאַוו־לאָוונאַ און וואַרוואַראַ אַלעקסייעוונאַ זענען אַרויס אין יום־טוב'דיגע קליידער, מיט שירעמס, אויפ'ן גאַניק און צוגעגאַנגען צו די זינגענדע. צוזאַמען מיט זיי איז אין אַ חינעזיש קאַפּטעל אַרויס אויך דער צוגאָסענער נואף און שכור, דער פעטער, וואָס האָט געוואוינט דעם זומער ביי יעווגעני'ן.

ווי שטענדיג, איז איין פערשיעדענפאַרביגער, מיט בלומען בלישצענדער קרייזעל פון יונגע פויערטעס און מיידלעך געווען דער צענטר פון אַלץ, און אַרום איהם, פון פערשיעדענע זייטען, ווי אָבגעריסענע פּלאַנעטען און בעגלייטערס, האָבען זיך געדרעהט דאָ מיידלעך, האַנד ביי האַנד, רוישענדיג מיט'ן נייעם ציטץ פון די קליידלעך, דאָ קליינע יונגלעך, וואָס האָבען פון עפּים געלאַכט און געלאָפען הין און צוריק איינער נאָכ'ן צווייטען, דאָ ערוואַקסענע יונגען, אין בלאָהע און שוואַרצע קאַפּטענס און היטלען און רויטע העמדלעך, מיט'ן אונאויפ־הערליכען אויסשפּייען די שאָל פון די קערלעך, דאָ הויפישע אָדער וייטיגע, וואָס האָבען זיך פון דערווייטענס צוגעקוקט צו די זינגענדע. ביידע עלטערע „באַריניעס" זענען צוגעגאַנגען

צום סאַמע קרײַז און גלײַך נאָך זײַ אױך ליזע אין אַ העלי־בלאָה קלײד און פּונקט אַזױנע סטעננעס אױפ'ן קאָפּ, מיט ברײטע אַרבעל, פֿון װעלכע עס האָבּען זיך אַרױסגעזעהן איהרע לאַנגע, װײסע הענד מיט די שאַרפֿע עלענבױגענס.

יעװגעני האָט נישט געװאָלט אַרױסגעהן, אָבּער ס'איז לעפּערליך געװען זיך צו בּעהאַלטען. ער איז אױך אַרױס מיט אַ פּאַפּיראָס אױפ'ן גאַניק, האָט זיך געגריסט מיט די יונגען און פּױערען און האָט אָנגעהױבּען צו רעדען מיט אײ־נעם פֿון זײ. די פּױערטעס האָבּען דערװײל מיט די גאַנצע כּחות געזונגען עפּיס אַ טאַנץ־ליעד, צוגעקלאַפּט מיט די פֿינ־גער, צוגעפּאַטשט מיט די הענד און געטאַנצט.

— די פּריצ'טע רופֿט — האָט געזאָגט אַ יונגער, צוגע־הענדיג צו יעװגעני'ן, װאָס האָט נישט געהערט דער װײבּס רופֿען. ליזע האָט איהם גערופֿען אַ קוק טהון אױף דאָס טאַנ־צען, אױף אײנער פֿון די טאַנצענדע פּױערטעס, װעלכע איז איהר בּעזונדערס געפֿעלען. דאָס איז געװען סטעפּאַשאַ. זי האָט געטראָגען אַ געל קאַפּטעל, אַ פּליסאָװע בּעזרענקאַװקע און אַ זײדען טיכעל, אַ בּרײטע, ענערגישע, רױטע, פֿרעהליכע. זי האָט, װאַהרשײנליך, גוט געטאַנצט. ער האָט גאָרנישט נישט געזעהן.

— יאָ, יאָ, — האָט ער געזאָגט, אַראָבּנעהמענדיג און צוריק אָנטהוענדיג די פּענסנע. — יאָ, יאָ, — האָט ער גערעדט. „הײסט עס, אַז איך קאָן נישט לײז װערען פֿון איהר“, האָט ער געטראַכט.

ער האָט נישט געקוקט אױף איהר, װײל ער האָט מורא געהאַט פֿאַר איהר צוציהונגס־קראַפֿט, און גראָד צוליעב דעם האָט דאָס, װאָס ער האָט צופֿעליג געזעהן אי'ן איהר, אױסגעװיזען איהם בּעזונדערס אָנציהענד. אױסער דעם, האָט ער בּעמערקט, לױט איהר בּליק, װאָס האָט אַ גלאַנץ געטהון, אַז זי זעהט איהם און זי זעהט, אַז ער פֿערקוקט זיך אױף איהר. ער איז געשטאַנען אַ בּיסעל, װיפֿיעל עס איז נױטיג געװען פֿון אײדעלקײט װעגען, און דערזעהענדיג, אַז װאַרװאַראַ אַלעקסײעװנאַ האָט זי צוגערופֿען און האָט עפּיס, פֿלאַפּלענדיג, פֿאַלש, רופֿענדיג זי „ליעבּינקע“, גערעדט מיט איהר, האָט ער זיך אומגעקעהרט און איז אָבּגעג־

גאַנגען. ער איז אָבגעגאַנגען און אַריין אין שטוב. ער איז אַחעק־געגאַנגען, כדי נישט צו זעהן זי, אָבער, אַרויפגעהענדיג אויפ'ן איבערשטען שטאָק, איז ער, אַליין נישט חיסענדיג, פֿי און צו וואָס, צוגעגאַנגען צום פֿענסטער און די גאַנצע צייט, וואָס די פֿויערטעס זענען געשטאַנען בײם גאַניק, איז ער געשטאַנען בײם פֿענסטער און געקוקט, געקוקט אויף איהר, געגעסען זי מיט די אויגען.

ער איז אַראָבגעלאָפען, ווי לאַנג קײנער האָט איהם נישט געקאָנט זעהן, און איז מיט שטילע טריט אַוועק אויפ'ן באַלקאָן, און פֿערוויכערנדיג אויפ'ן באַלקאָן אַ פּאַפּיראָס, איז ער, ווי שפּאַצירענדיג, אַחעק אין גאָרטען אַריין, אין דער ווענדונג, אין וועלכער זי איז געגאַנגען. ער האָט נאָך נישט געמאַכט קײן צוויי טריט איבער דער אַלעע, ווי צווישען די בוימער האָט אַ בלינצעל געטהון אַ פּליסאָווע בעזרענקאַווקע אויף אַ געל קאָפּטעל און אַ רויט טיכעל. זי איז ערגעץ געגאַנגען מיט נאָך אַ פֿרוי. „וואוהין זע־נען זיי עס געגאַנגען?".

און פּלוצלונג האָט איהם אַ תאוה'דיגער פֿערלאַנג אַ ברען געטהון, ווי מיט אַ האַנד פֿאַר'ן האַרץ אָנגעהאַפּט. יעווגעני האָט, ווי דורך עפּיס אַ פֿרעמדען ווילען אומגעקוקט זיך און אַוועק נאָך איהר.

— יעווגעני איוואַנאָוויטש! יעווגעני איוואַנאָוויטש! זייט אַזוי גוט, — האָט זיך דערהערט פֿון הינטען אַ שטימע, און יעווגעני, דערזעהענדיג דעם אַלטען סאַמאָהין, וואָס האָט געגראָבען בײ איהם אַ ברונען. האָט זיך אויפגעהאַפּט און, גלייך אומקעה־רענדיג זיך, צוגעגאַנגען צו סאַמאָהינ'ען. רעדענדיג מיט איהם, האָט ער זיך אויסגעדריִהט מיט אַ זייט און דערזעהן, אַז זי מיט יענער פֿרוי זענען אַראָב אונטען, ווײַזט אויס, צום ברונען, אָדער נור מיט אַנ'אויסרייד צום ברונען, און דער־נאָך, אָבזײענדיג דאָרט אַ ביסעל, זענען זיי אַוועקגעלאָפען צו־ריק צו די זינגענדע.

## XIII

איבערערענדיג מיט סאמאהיני'ען, האט יעווגעני צוריק־געקעהרט זיך אהיים א דערשלאגענער, ווי ער זאל האבען בעגאנגען א פערברעכען. ערשטענס, האט זי איהם פערשטא־נען, זי האט געמיינט, אז ער וויל זי זעהן, און זי פער־לאנגט עס. צווייטענס, די אנדערע פרוי — די אננא פראהאראווא, וויים אויך, ווייזט אויס, וועגען דעם.

די הויפט־זאך איז אבער דאס, וואס ער האט גע־פיהלט, אז ער איז בעזיעגט, אז ער האט נישט קיין איי־גענעם ווילען, אז ס'איז דא אנ'אנדער קראפט, וואס הערשט איבער איהם; אז אויב ער איז היינט געראטעט געווארען נור דורך א גליק, וועט ער מארגען, אדער איבערמארגען דאך צו גרונד געהן.

„יא, צו גרונד געהן, — ער האט עס אנדערש נישט פערשטאנען: — פעלשען אן זיין יונגער, ליעבענדער פרוי אין דארף מיט א פויערטע, פאר אלעמען אין די אויגען, איז עס נישט א אונטערגאנג, א שרעקליכער אונטערגאנג, נאך וועל־כען מ'קאן נישט לעבען. ניין, מ'דארף, מ'דארף אננעהמען מיטלען".

„גאט מיינער, גאט מיינער! וואס זשע זאל איך טהון? צי דען וועל איך טאקע אונטערגעהן? — האט ער גערעדט צו זיך. — צי דען קאן מען נישט אננעהמען קיין מיטלען? יא, מ'דארף דאך עפעס טהון. נישט טראכטען וועגען איהר, — האט ער זיך בעפעהלען. — נישט טראכטען", — און גלייך האט ער אנגעהויבען צו טראכטען און געזעהן זי פאר זיך און געזעהן דעם שאטען פון די קלענען־בוימער.

ער האט זיך דערמאנט, אז ער האט געלייענט וועגען א פארצייטיגען הייליגען מאן, וועלכער, זיך אבהיטענדיג נישט געשטרויכעלט צו ווערען דורך א פרוי, אויף וועלכער ער האט בעדארפט ארויפלעגען זיין האנד, צו היילען זי, האט ארויפ־געלעגט די אנדערע האנד אויף ברענענדע קויהלען און זיך פערברענט די פינגער. ער האט זיך עס דערמאנט. „יא, איך

בין גרייט בעסער די פינגער צו פערברענען, איידער צו גרונד געהן". און אומקוקענדיג זיך און זעהענדיג, אַז קיינער איז אין צימער נישטאָ, האָט ער אָנגעצונדען אַ שוועבעלע און אַריינגעלענט דעם פינגער אין פייער. „נו, ערשט טראַכט וועגען איהר",— האָט ער זיך איראָניש געווענדעט צו זיך. איהם האָט אָנגעהויבען וועה צו טהון, האָט ער אָבגעריסען דעם פערריילערטען פינגער, אַוועקגעוואָרפען דאָס שוועבעלע און אַליין זיך צולאַכט איבער זיך אַליין. — „נאַרישקייטען! מ'דאַרף עס נישט טהון. מ'דאַרף נור אָננעהמען מיטלען, זי נישט צו זעהן — אַוועקפאָהרען אַליין פון דאַנען, אָדער זי אַרויסשיקען פון היע. יאָ, אַרויסשיקען! פאָרלענגען איהר מאַן געלד, ער זאָל אַוועקפאָהרען אין שטאָדט אָדער אין אַנ'אַנדער דאָרף. — מ'וועט זיך אָבער דערוויסען, וועט מען רעדען וועגען דעם. — נו, איז וואָס? אַלץ בעסער, איידער די געפאַהר. — יאָ, מ'דאַרף עס טהון", האָט ער צו זיך גערעדט און אַלץ נישט אַראָבלאָזענדיג די אויגען געקוקט אויף איהר. „וואוהין איז זי עס געגאַנגען?" האָט ער זיך פלוצלונג געפרעגט. זי, האָט זיך איהם געדאַכט, האָט איהם געזעהן ביים פענסטער, און איצט, אַ קוק טהוענדיג אויף איהם, האָט זי זיך גענומען האַנד ביי האַנד מיט נאָך עפּיס אַ פויערטע, און איז אַוועק צום גאָרטען, העלדיש פאָכענדיג מיט דער האַנד. אליין נישט וויסענדיג, צו וואָס, פאַרוואָס, אַלץ צוליעב זיינע געדאַנקען, איז ער אַראָב אין קאָנטאָר.

וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש איז אין אַ יום-טוב'דיגען סורדוט, מיט אָנגעשמירטע האָר, געזעסען ביים טהיי מיט זיין ווייב און אַ גאַסט אין אַ טיכעל.

— כ'דאַרף עפּיס, וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש, מיט אייך איבעררעדען.

— אָה, ביטע זעהר. מיר האָבען שוין אָבגעטרונקען.

— ניין, קומט מיט מיר בעסער.

— באַלד, כ'וועל נאָר נעהמען ס'היטעל. דו, טאַניע, נעהם אַראָב דעם סאַמאָוואַר — האָט וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש געזאָגט, פרעהליך אַרויסגעהענדיג.

יעוונעני'ן האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז געווען שכור'ליך, נאָר וואָס זאָל מען טהון, פיליפּ איז עס בעסער; ער וועט מעהר אָנטייל נעהמען אין זיין לאַגע.

— איך, וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש, בין ווידער וועגען דער וועלכער זאַך, — האָט יעוונעני געזאָגט, — וועגען דער פרויענצימער.

— וואָס איז דען? כ'האָב דאָך געהייסען, מ'זאָל זי שוין מעהר נישט נעהמען צו אַיערע הויז-אַרבייט!

— ניין, איך מיין אין אַלגעמיין. אָט וועגען וואָס איך האָב מיך געוואָלט מיט אַייך בעראַטען. קאָן מען זיי פיליפּט נישט דערווייטערן פון דאַנען, די גאַנצע פאַמיליע דערווייטערן?

— וואוהין זאָל מען עס זיי דערווייטערן? — האָט אונצופריעדען און איראָניש, ווי יעוונעני'ן האָט אויסגעוויזען, געזאָגט וואַסילי.

— איך מיין, מ'זאָל זיי געבען געלד אָדער זאָגאַר ערד אין קאָלטאָווסקאָיע אבי זי זאָל דאָ נישט זיין.

— ווי קאָן מען עס זיי דערווייטערן? וואוהין וועט זי געהן פון איהר פאַמיליע? און צו וואָס דאַרפט איהר עס? וואָס שטערט זי אַייך?

— אַך, וואַסילי ניקאָלאַיעוויטש, פערשטעהט, אַז פאַר מיין פרוי וואָלט שרעקליך געווען זיך עס צו דערוויסען.

— ווער זשע וועט עס איהר זאָגען?

— ווי זשע קאָן מען לעבען אונטער אַזאַ שרעק, און אין אַלגעמיין איז עס שווער.

— וואָס בעאונרוהיגט איהר זיך אַזוי? ווער ס'וועט דאָס אַלטע דערמאָהנען, דעם זאָלען די אויגען אַרויס. און ווער ווידער האָט עס קיינמאָל נישט געזינדיגט?

— אָבער דאָך וואָלט בעסער געוועזן צו דערווייטערן. איהר קאָנט נישט איבעררעדען מיט'ן מאַן?

— אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו רעדען. עך, יעווגעני איוואַנאָוויטש, וואָס דרעהט איהר זיך אַ קאָפּ?! אַלץ איז אַוועק און אַלץ איז פערגעסען. וואָס טרעפט דען נישט? און ווער וועט עס איצט זאָגען אויף אַייך. עפּיס שלעכטס? אַלע

זעהען אַייך דאָך איצט. אַלע קענען דאָך אַייך!
— אָבער איהר בּעטראַכט עס פֿונדעסטוועגען.
— גוט, כ׳וועל איבּעררעדען מיט זיי.
הגם ער האָט פֿריהער נעוואוסט, אַז דערפֿון וועט גאָר־נישט אַרויסקומען, האָט דער געשפּרעך דאָך אַ ביסעל בּערוהינט יעווגעני׳ן. ער האָט דערפֿיהלט איבּעררהויפּט, אַז פֿון אויפֿרעגונג האָט ער איבּערגעטריבּען די געפֿאַהר.
איז ער דען געגאַנגען זיך טרעפֿען מיט איהר? דאָס איז דאָך אונמעגליך. ער איז פּשוט געגאַנגען זיך דורכשפּאַצירען אַ ביסעל איבּער׳ן גאָרטען, און זי איז צופֿעליג אַרויסגעלאָפֿען אַהין.

## XIV

דעם זעלבּען טראָיצע־טאָג, נאָך מיטאָג, האָט זיך ליזע, שפּאַצירענדיג איבּער׳ן גאָרטען און אַרויסגעהענדיג פֿון דאָרטען אויף דער לאָנקע, וואוהין דער מאַן האָט זי געפֿיהרט צו ווייזען איהר דעם קלעווער, אַריבּערגעהענדיג אַ קליינעם גראָבּען, אויסגעגליטשט און געפֿאַלען. געפֿאַלען איז זי ווייך, אויף אַ זייט; זי האָט אָבּער אַ קרעכץ געטהון און דער מאַן האָט אין איהר געזיכט דערזעהן נישט נור אַ שרעק, נאָר אויך אַ וועהטאָג. ער האָט זי געוואָלט אויפֿהויבּען, אָבּער זי האָט אָבּגערוקט זיין האַנד.
— ניין, וואַרט אויף אַ ביסעל, יעווגעני, — האָט זי געזאָגט, שוואַך שמייכלענדיג און עפּיס פֿון אונטען אַרויף, ווי איהם האָט זיך אויסגעוויזען, מיט אַ שולדיגען בּליק, קוקענדיג אויף איהם. — עס האָט זיך מיר איינגעפֿאַך די פֿוס אַ דרעה געטהון.
— איך זאָג דאָך דאָס אָבּער שטענדיג, — האָט אָנגעהויבּען צו רעדען וואַרוואַרא אַלעקסייעוונאַ — קאָן מען דען אין אַזאַ לאַגע שפּרינגען איבּער גראָבּענס.
— אָבּער ניין, מאַמע, גאָרנישט. איך וועל בּאַלד אויפֿשטעהן.
זי האָט זיך אויפֿגעהויבּען מיט׳ן מאַנס הילף, אָבּער אין

דעם זעלבען אויגענבליק איז זי בלאַס געוואָרען און אויף איהר פּנים האָט זיך אויסגעדריקט אַ שרעק.

— יאָ, מיר איז נישט גוט, — און זי האָט עפּיס אַ זאָג געטהון דער מוטער.

— אַך, גאָט מיינער, וואָס איהר האָט אָנגעמאַכט! איך האָב געזאָגט, מ'זאָל נישט געהן, — האָט געשריען וואַרוואַראַ אַלעקסייעוונאַ. — וואַרט, כ'וועל שיקען מענשען. זי דאַרף נישט געהן. מ'דאַרף זי איבערטראָגען.

— שרעקסט דיך נישט, ליזע, איך וועל דיך איבער־טראָגען? — האָט געזאָגט יעווגעני, אַרומהאַפּענדיג זי מיט דער לינקער האַנד. — נעהם מיר אַרום דעם האַלז. אָט אַזוֹי.

און ער האָט, זיך איינבויגענדיג, אַרומגעהאַפּט זי פאַר די פיס מיט דער רעכטער האַנד און אויפגעהויבען. קיינמאָהל דערנאָך האָט ער נישט געקאָנט פערגעסען דעם ליידענדען און צוזאַמען מיט דעם אויך דעם גליקליכען אויסדרוק, וואָס איז געוועזען אויף איהר געזיכט.

— דיר איז שווער, מיין ליעבער, — האָט זי געזאָגט, שמייכלענדיג. — די מאַמע לויפט עס, זאָג איהר!

און זי האָט זיך אַראָבגעבויגען צו איהם און איהם אַ קוש געטהון. זי האָט, ווייזט אויס, געוואָלט, אַז אויך די מוטער זאָל זעהן, ווי ער טראָגט זי.

יעווגעני האָט אַ געשריי געטהון צו וואַרוואַראַ אַלעק־סייעווניאַ'ן, זי זאָל זיך נישט איילען, ער וועט דערטראָגען. וואַר־וואַראַ אַלעקסייעוונאַ האָט זיך אָבגעשטעלט און אָנגעהויבען צו שרייען נאָך שטאַרקער.

— דו וועסט זי אַראָבוואַרפען, זיכער אַראָבוואַרפען. ווילסט זי שעדיגען. האָסט אין זיך קיין האַרץ נישט!

— אָבער איך טראָג זי דאָך אויסגעצייכענט.

— איך וויל נישט, איך קאָן נישט זעהן, ווי דו מאַטערסט מיין טאָכטער. — און זי איז אַוועקגעלאָפען אין ווינ־קעל פון דער אַלעע.

— גאָרנישט, ס'וועט איבערגעהן, — האָט שמייכלענדיג גע־רעדט ליזע.

— זאָל נור דערפֿון נישט אַרויסקומען קיין ביטערע רעזולטאַטען, ווי דעם פֿאָרינען מאָל.

— ניין, כ'קלער נישט וועגען דעם. דאָס איז גאָרנישט, כ'מיין וועגען דער מאַמאַ. דו ביסט מיעד, רוה זיך אָב.

נאָר הגם איהם איז זעהר שווער געווען, האָט יעווגעני דאָך מיט שטאָלצער פֿרייד דערטראָגען זיין משא צום שטוב, און נישט איבערגעגעבען זי דער שטוב-מיידעל און דעם קוכער, וועלכע וואַרוואַראַ אַלעקסייעווגאַ האָט אַרויסגערופֿען און אַנטקעגענען געשיקט. ער האָט זי צוגעטראָגען ביז'ן שלאָף-צימער און אַוועקגעלעגט אויפֿ'ן בעט.

— גו, דו געה איצט אַוועק, — האָט זי געזאָגט, און צוציהענדיג צו זיך זיין האַנד, זי אַ קוש געטהון. — מיר וועלען זיך מיט אַננושקע'ן שוין אַליין ווי ס'איז בעגעהן.

מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ איז אויך געקומען צולויפֿען פֿון איהר פֿליגעל. ליזע'ן האָט מען אויסגעטהון און אַריינגעלעגט אין בעט. יעווגעני איז געזעסען אין גאַסט-צימער מיט אַ בוך אין האַנד, וואַרטענדיג. וואַרוואַראַ אַלעקסייעווגאַ איז דורכגעגאַנגען דערנעבען מיט אַזאַ ברוגז'דיג, פֿינסטער געזיכט, אַז איהם איז שרעקליך געוואָרען.

— נו, וואָס? — האָט ער געפֿרעגט.

— וואָס? וואָס איז דאָ צו פֿרעגען? דאָס זעלבע, וואָס איהר האָט געהיס געוואָלט, צווינגענדיג 'דאָס ווייב שפּרינגען איבער גראָבענס.

— וואַרוואַראַ אַלעקסייעווגאַ! — האָט ער אויסגעשריען, — דאָס איז אונערטרעגליך. אויב איהר ווילט פּייניגען מענשען און פֿערגיפֿטען זיי דאָס לעבען... — ער האָט געוואָלט זאָגען: טאָ פֿאָהרט ערגעץ אין אַנ'אַנדער אָרט, — אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטען. — ווי דערלאָזט עס אייך אייער האַרץ?

— איצט איז שוין שפּעט.

און זי איז אַנ'אויפֿגערעגטע, אַ טרייסעל טהוענדיג מיט'ן טשיפּיק, אַוועק דורך דער טהיר.

דאָס פֿאַלען איז ווירקליך געווען שלעכט, די פֿוס האָט זיך שלעכט פֿערדרעהט, און עס איז געווען אַ געפֿאַהר,

װי װאָל װײַטער נישט מפּיל זײַן. אַלע האָבען נעװאוסט, אַז טהון טאָר מען נאָרנישט, אַז מען דאַרף נור רוהיג ליעגען, דאָך האָט מען בעשלאָסען שיקען נאָך אַ דאָקטאָר.

„פיעל געעהרטער ניקאָלאַי סעמיאָנאָװיטש, — האָט יעװ־געני אָנגעשריבען צום דאָקטאָר, — איהר װענט שטענדיג אַזױ גוט געװען צו אונז, אַז איך האָף, דאָס איהר װעט זיך נישט אָבזאָגען צו קומען העלפען מײַן פרױ. זי איז אין..." א. א. װ. אָנשרײַבענדיג דעם בריעף, איז ער אַװעק אין שטאַהל צו פעראָרדענען, מען זאָל צוגרײַטען אַנ'עקיפּאַזש מיט פערד. מ'האָט בעדאַרפט צוגרײַטען אײַן פּאָר פערד צו ברענגען דעם דאָקטאָר אַהער, און אַנ'אַנדער פּאָר — איהם אַװעקצופיהרען צוריק. דאָרט, װאו די װירטשאַפט װערט נעפיהרט נישט אויפ'ן ברײַטען שטײַגער, איז עס נישט אַזױ לײַכט גלײַך אויסצו־פיהרען, נאָר מ'דאַרף בעטראַכטען. אַז ער האָט אָבער אַלץ צוגעגרײַט אַלײן און אַװעקגעשיקט דעם קוטשער, איז ער אַהײם געקומען אַ װײַנער צעהן. דאָס װײַב איז געלעגען און גערעדט, אַז זי פיהלט זיך אויסגעצײַכענט, און איהר טהוט נאָרנישט נישט װעה. נאָר װאַרװאַרא אַלעקסײעװנאַ איז געזעס־סען הינטער'ן לאָמפּ, װאָס איז פון ליזע'ן געװען פערשטעלט מיט נאָטען, און האָט געשטריקט אַ גרױסע רױטע קאָלדרע מיט אַזאַ אויסזעהן, װאָס האָט קלאָר געזאָגט, אַז נאָך דעם אַלעם, װאָס עס איז הײַנט געשעהן, קאָן שױן קײן גוטס נישט זײַן. און װער װאָס עס װאָל נישט טהון, האָב איך, װעניגסטענס, מײַנס אָבגעטהון.

יעװגעני האָט עס געזעהן, נאָר אים צו מאַכען זיך, אַז ער בעמערקט נאָרנישט, האָט ער זיך בעמיהט אויסצוזעהן פרעהליך, נישט פערזאָרגט, האָט דערצעהלט, װי ער האָט צוזאַמענגענומען די פערד און װי די קאַבילע קאַװאושקע איז אויסגעצײַכענט אַװעק צוגעשפּאַנט אין דער לינקער זײַט.

— יאָ, פערשטעהט זיך, די סאַמע צײַט אויסצורײַטען פערד, װען מ'דאַרף הילף. מסתמא, װעט מען דעם דאָקטאָר אויך אַרײַנ־װאַרפען אין גראָבען, — האָט געזאָגט װאַרװאַרא אַלעקסײעװנאַ, אַרױסקוקענדיג פון הינטער די פענסנע אויף די שטריקעכץ, װאָס

זי האָט צוגעטראָגען צום סאַמע לאָמפּ.

— מ'האָט דאָך אָבער בעדאַרפט ווי עס איז שיקען. און איך האָב געמאַלט. ווי מעגליך בעסער.

— יאָ, איך געדענק זעהר גוט, ווי אַייערע פערד האָבען מיך געטראָגען הינטער'ן בריק אַרונטער.

דאָס איז געווען איהרע אַ אויסגעטראַכטע זאַך שוין פון לאַנג, און איצט איז יעווגעני געווען אויף אַזוי פיעל נישט פאָרזיכטיג צו זאָגען, אַז דאָס איז נישט איינגאַנצען אַזוי געוועזן.

— נישט אומזיסט זאָג איך שטענדיג, און האָב דעם פירשט אויך נישט איינמאָל געזאָגט, אַז שווערער פון אַלץ איז צו לעבען מיט מענשען נישט קיין אויפריכטיגע, נישט קיין ערליכע; איך וועל אַלץ איבערטראָגען, נאָר נישט דאָס.

— אָבער אויב עמיצען טהוט עס וועה מעהר ווי אַנ־דערע, איז עס דאָך זיכער מיר,— האָט יעווגעני געזאָגט.— און איהר...

— דאָס ווייס מען דאָך.

— וואָס?

— גאָרנישט, איך צעהל די אויגלעך.

יעווגעני איז אין דער צייט געשטאַנען נעבען בעט און ליזע האָט געקוקט אויף איהם, און מיט איהר פּייכטער האַנד, וואָס איז געלעגען איבער דער קאָלדרע, האָט זי אָנגעהאַפּט זיין האַנד און אַ דריק געטהון. „טראָג עס איבער צוליעב מיר. זי וועט דאָך אונז נישט שטערען איינס דאָס צווייטע צו ליעבען", האָט איהר בליק גערעדט.

— כ'מאַך זיך נישט ווּיסענדיג,— האָט ער שטיל אַרויסגערעדט און אַ קוש געטהון איהר פּייכטע, לאַנגע האַנד און דערנאָך די ליעבע אויגען, וואָס האָבען זיך צוגעמאַכט בשעת ער האָט זיי געקושט.

— צי דען ווידער דאָסזעלבע?— האָט ער געזאָגט.— ווי פיהלסטו?

— ס'איז אַ שרעק צו זאָגען, איך זאָל קיין טעות נישט האָבען, נאָר ביי מיר איז אַזאַ געפיהל, אַז ער לעבט און וועט לעבען,— האָט זי געזאָגט, קוקענדיג אויף איהר בויך.

— אַך, ס'איז שרעקליך, שרעקליך צו טראַכטען וואָנאַר, נישט קוקענדיג אויף ליזע'ס פאָדערונגען, ער וואָל אַוועקגעהן, האָט יעווגעני פערבראַכט מיט איהר די נאַכט, אַיינדרימלענדיג נור מיט איין אויג און גרייט איהר צו דיענען.

אָבער די נאַכט האָט ז'י פערבראַכט גוט, און ווען מ'וואָלט נישט האַבען נעשיקט נאָך אַ דאָקטאָר, וואָלט זי אפשר אויפגעשטאַנען אויך.

צו מיטאָג איז געקומען דער דאָקטאָר און האָט, פערשטעהט זיך, געזאָגט, אַז חאָטש אַזוינע זאַכען, ווען זיי ווידערהאָלען זיך אַ צווייטען מאָל, קאָנען אַרויסרופען אַ געפאַהר, נאָר, אין טהאַט אַריין, איז קיין זיכערער בעווייז נישטאָ, אָבער אַזוי ווי ס'איז אויך נישטאָ קיין געגען-בעוויז, קאָן מען פון איין זייט רעכענען, אַז... און פון דער אַנדערער זייט אָבער קאָן מען רעכענען, אַז... און דעריבער דאַרף מען ליעגען, און אָבוואָהל איך האָב פיינט צו פערשרייבען רעצעפּטען, נאָר פונדעסטוועגען וועט איהר דאָס נעהמען, און — ליעגען. אויסער דעם, האָט נאָך דער דאָקטאָר איבערגעלייענט וואַרוואַראַ אַלעקסייעווגאַ'ן אַ לעקציע איבער פרויען-אַנאַטאָמיע, ביי וואָס וואַרוואַראַ אַלעקסייעווגאַ האָט מיט גרויס כונה געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. בעקומענדיג דעם האָנאָראַר, ווי געוועהנליך, אין דער סאַמע הינטערשטער טייל פון דער האַנד-פלעכע, איז דער דאָקטאָר אַוועקגעפאָהרען און די קראַנקע איז נאָך געבליבען ליעגען אַ גאַנצע וואָך.

## XV

מעהרסטענטיילס האָט יעווגעני פערבראַכט די צייט ביי דער ווייבס בעט, בעדיענט איהר, גערעדט מיט איהר, געלייענט מיט איהר, און, וואָס עס איז געוועזן שווערער פון אַלץ, אָהן טענות איבערגעטראָגען וואַרוואַראַ אַלעקסייעווגאַ'ס אָנפאַלען, און האָט זיך אַפילו אויסגעלערנט צו מאַכען פון דעם אַ שפּאַס.

אָבער ער האָט נישט געקאָנט זיצען אין שטוב. ערשטענס, האָט איהם דאָס ווייב אַלץ געשיקט פון שטוב, וואָגענדיג, אַז ער וועט קראַנק ווערען, אויב ער וועט אַלץ זיצען מיט

איהר; און צווייטענס, איז די גאַנצע ווירטשאַפט געגאַנגען אַזוי, אַז אויף יעדען טריט האָט זיך געפאָדערט זיין אויג. ער האָט נישט געקאָנט זיצ'ן אין שטוב, און איז געווען אין פעלד, אין וואַלד, אין גאָרטען, אין שייער, און אוי־מעטום האָט נישט בלויז דער געדאַנק, נאָר דער לעבעדינער געשטאַלט פון סטעפאַנידע'ן פערפאָלגט איהם אַזוי, אַז ער פלעגט נור זעלטען פערגעסען וועגען איהר. נאָר דאָס וואָלט נאָך געווען צו דערליידען. ער וואָלט פיליכט געקאָנט איבער־שטאַרקען דאָס געפיהל, אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס פריהער האָט ער געלעבט הדשים־לאַנג, נישט זעהענדיג זי, און איצט פלעגט ער זי אונאויפהערליך זעהן און בעגעגענען. זי האָט, ווייזט אויס, פערשטאַנען, אַז ער וויל בעניייען די בעציהונגען מיט איהר, און זי האָט אַלץ געזוכט מיט איהם זיך צו טרעפען. נישט ער, נישט זי האָבען נישט געזאָגט איינער דער צווייטער אַ וואָרט, און דעריבער זענען נישט ער און נישט זי נישט געגאַנגען גלייך זיך צו זעהן, זיי האָבען זיך נור בעמיהט צו בעגעגענען.

דאָס אָרט, וואו מ'האָט זיך געקאָנט צונויפטרעפען, איז געווען דער וואַלד, וואוהין די פויערטעס פלעגען געהן מיט זעק נאָך גראָז פאַר די בהמות. און יעווגעני האָט עס גע־וואוסט און פלעגט דעריבער טאָג־טעגליך דורכגעהן נעבען וואַלד. יעדען טאָג פלעגט ער זיך זאָגען, אַז ער וועט נישט געהן, און יעדען טאָג פלעגט זיך עס ענדיגען דערמיט, וואָס ער פלעגט אַוועקגעהן צום וואַלד און, דערהערענדיג פון דאָרטען לעבעדיגע שטימען, זיך אָבשטעלען אונטער אַ בוים און מיט אַ קלאַפּענד האַרץ אַרויסקוקען, צי איז עס נישט זי.

צו וואָס ער האָט עס בעדאַרפט וויסען, צי נישט זי איז עס, האָט ער נישט געוואוסט. ווען דאָס וואָלט אַפילו זיין זי און אַליין, וואָלט ער אויך נישט צוגעגאַנגען, — אַזוי האָט זיך איהם געדוכט — ער וואָלט אַנטלאָפען; נאָר ער האָט זי בעדאַרפט זעהן.

איין מאָל האָט ער זי בעגעגענט אין דער צייט, ווען ער איז אַריין אין וואַלד, — זי איז אַרויסגעגאַנגען פון דאָר־

טען מיט נאָך צוויי אַנדערע פּויערטעס מיט אַ שוואַרצן זאַק, פֿול גראָז, אויף די פּלייצעס. ווען ער קומט אַ ביסעל פֿריהער, וואָלט ער זיך פֿילײַכט געטראָפֿען מיט איהר נאָך אין וואַלד גופא. איצט איז איהר שוין אונמעגליך געווען פֿאַר די איי־בעריגע פּויערטעס אין די אויגען צוריק צו קעהרען זיך צו איהם אין וואַלד אַריין. נאָר נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט פֿערשטאַנען די דאָזיגע אונמעגליכקייט, איז ער לאַנג געשטאַנען אונטער אַ נוס־בוימעל, ריזיקירענדיג, די פּויערטעס זאָלען זיך נישט אָנשטויסען זײַן מײַן. פֿערשטעהט זיך, אַז זי איז נישט צוריקגעקומען, נאָר ער איז נאָך דאָ לאַנג געשטאַנען. און, נאָט מײַנער, מיט וואָס פֿאַר אַ פּראַכט זײַן פֿאַנטאַזיע האָט זי איהם געמאָלט! און דאָס האָט פּאַסירט נישט דאָס ערשטע מאָל, נור דאָס פֿינפֿטע, דאָס זעקסטע מאָל שוין. און וואָס ווײַטער, אַלץ שטאַרקער. קיינמאָל האָט זי איהם נאָך נישט אויסגעוויזען אַזוי אָנציהענד. און נישט נור אָנציהענד,—קיינמאָל האָט זי אַזוי פֿאָלקאָם נישט געהערשט איבער איהם.

ער האָט געפֿיהלט, אַז ער פֿערליערט זײַן מאַכט איבער זיך, ער געהט שיער נישט אַראָב פֿון זינען. זײַן שטרענגקייט צו זיך איז נישט שוואַכער געוואָרען אויף אַ האָהר; פֿער־קעהרט, ער האָט געזעהן די גאַנצע העסליכקייט פֿון זײַנע פֿערלאַנגען, זאָגאַר פֿון זײַנע טהאַטען, ווייל זײַן געהן אי־בער'ן וואַלד איז דאָך שוין אויך געווען אַ טהאַט. ער האָט געוואוסט, אַז זאָל ער נור זיך טרעפֿען ערגעץ נאָהנט, אין דער פֿינסטער, אויב מעגליך,—צוריהרען זיך צו איהר, און ער וועט זיך אינגאַנצען איבערגעבען אין די הענד פֿון זײַן תאוה. ער האָט געוואוסט, אַז נור די שאַנדע פֿאַר מענשען, פֿאַר איהר, פֿילײַכט אויך פֿאַר זיך אַליין, האָט איהם אָבגעהאַל־טען דערווייל פֿון זינד. און ער האָט געוואוסט, אַז ער זוכט די געלעגענהייט, בײַ וועלכער די שאַנדע זאָל נישט זײַן צו בעמערקען: פֿינסטערקייט אָדער אַזאַ מין צוריהרען זיך, בײַ וועלכען די בושה זאָל דערשטיקט ווערען דורך דער גראָבער תאוה. און דערפֿאַר האָט ער געוואוסט, אַז ער איז אַ שענד־

ליבער פערבערגער, און בתכלית שנאה האָט ער זיך פיינט בעקומען, און מיט עקעל האָט ער געקוקט אויף זיך. ער האָט זיך פיינט געהאַט דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אַלץ נאָך נישט אונטערגעגעבען: יעדען טאָג האָט ער געבעטען צו גאָט, ער זאָל איהם שטאַרקען, ראַטעווען פון אונטערגאַנג; יעדען טאָג פלעגט ער בעשליסען, אַז פון איצט אָן וועט ער שוין נישט מאַכען קיין איין טריט, זיך נישט אומקוקען אויף איהר, וועט זי פערגעסען. יעדען טאָג האָט ער צוגעטראַכט מיטלען, ווי פטור צו ווערען פון דער אָנשיקעניש, און האָט אויסגענוצט די מיטלען.

אָבער אַלץ איז געווען אומזיסט.

איינס פון די מיטלען איז געווען — שטענדיג בעשעפטיגט צו זיין; דאָס צווייטע איז געווען פיזישע אַרבייט און תעניתים; דאָס דריטע איז געווען — זיך קלאָר פאָרשטעלען די פערלעגענהייט, צו וועלכער ער וועט קומען, ווען אַלע וועלען זיך עס דערוויסען — די פרוי, די שוויגער, מענשען. ער האָט דאָס אַלץ געטהון און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז גובר דעם שענדליכען פערלאַנג; ס'פלעגט אָבער קומען די צייט, מיטאָג, די צייט פון זייערע פריהערדיגע בעגעגנישען אין וואַלד און די צייט, ווען ער האָט זי געטראָפען מיט'ן גראָז, — און ער פלעגט געהן אין וואַלד אריין.

אַזוי זענען אריבער מיט מאַטערניש פינף טעג. ער האָט זי נור געזעהן פון דערווייטענס, נאָר קיין איינמאָל איז ער זיך נישט צוזאַמענגעקומען מיט איהר נאָהענט.

## XVI

ליזע האָט זיך ביסלעכוויז פערבעסערט, איז שוין אַרומגעגאַנגען, נור זי האָט זיך בעאונרוהיגט צוליעב דער פערענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין איהר מאַן און וואָס זי האָט נישט פערשטאַנען.

וואַרוואַראַ אַלעקסייעוונאַ איז אַוועקגעפאָהרען אויף אַ צייט, און פון פרעמדע איז נור געווען דער פעטער. מאַריאַ פאַווּלאָוונאַ איז, ווי שטענדיג, געווען אין דערהיים.

אין אַזאַ האַלבּ-משוגע'נעם צושטאַנד האָט זיך געפֿונען יעװגעני, װען עס האָבּען זיך געטראָפֿען, װי דאָס טרעפֿט אָפֿט נאָך די תּמוז'דיגע שטורעמס, — די תּמוז'דיגע שלאַקס-רעגענס, װאָס האָבּען געדויערט צװײ טעג. די רעגענס האָבּען אָבּגעשטעלט אַלע אַרבּייט. אַפֿילו דאָס מיסט האָט מען אױפֿגעהערט צו פֿיהרען צוליעב דער נעץ און בּלאָטע. אַלע זענען געזעסען אין דערהיים. די פּאַסטוכער האָבּען זיך געמאַטערט מיט די בּהמות און ענדליך זײ אױך געבּראַכט צוריק אַהיים פֿון פֿעלד. די קיה און שעפּסען האָבּען אַרומגעשפּאַצירט איבּער די לאָנקעס און זיך צולאָפֿען איבּער די הױפֿען. פּױערטעס, בּאָרװיסע, אין טיכלעך, האָבּען זיך, פּאַטשענדיג איבּער דער בּלאָטע, געלאָזט זוכען די צולאָפֿענע בּהמות. טײכען זענען גערונען אומעטום איבּער די װעגען; אַלע בּלעטער, דאָס גאַנצע גראָז איז געװען פֿול מיט װאַסער; פֿון די ריגעס האָבּען זיך געגאָסען אָהן אױפֿהער טײכלעך אין די בּלעטערדיגע לוזשעס.

יעװגעני איז געזעסען אין דערהיים מיט דער װײבּ, װאָס איז הײנט געװען בּעזונדערס אומעטיג. זי האָט זיך עטליכע מאָל נאָכגעפֿרעגט בּײ יעװגעני'ן װעגען דער אורזאַכע פֿון זײן אונצופֿריעדענהייט; ער האָט מיט פֿערדרוס געענטפֿערט, אַז ס'איז גאָרנישט. און זי האָט אױפֿגעהערט פֿרעגען, אָבּער דאָס האָט זי געפּײניגט.

זײ זענען געזעסען נאָכ'ן פֿריהשטיק אין גאַסט-צימער. דער פֿעטער האָט צום הונדערטען מאָל דערצעהלט זײנע אױסגעטראַכטע מעשׂיות װעגען זײנע אַריסטאָקראַטישע בּעקאַנטע. ליזע האָט געשטריקט אַ קאָפֿטעל און האָט זיך געקלאָגט אױף דאָס װעטער און אױף װעהטאָג אין רוקען. דער פֿעטער האָט איהר אַנ'עצה געגעבּען זיך צולעגען און אַלײן האָט ער געבּעטען װײן. אין דערהיים איז יעװגעני'ן געװען שרעקליך לאַנגװײליג. אַלץ איז געװען אַזױ אָבּגעלאָזט, לאַנגװײליג. ער האָט געלײענט אַ בּוך און געראױכערט, אָבּער ער האָט גאָרנישט פֿערשטאַנען.

— יאָ, מ'דאַרף זיך דורכגעהן אַ קוק טהון די רייב־אייזענס, געלטען נעבראַכט, — האָט ער געזאָגט. ער האָט זיך אויפגעהויבען און געגאַנגען.

— נעהם אַ שירעם.

— ניין, איך האָב אַ רעגען־מאַנטעל. און איך נעה נור ביז צו דער פאַבריק.

ער האָט אָנגעטהון די שטיוועל, דעם רעגען־מאַנטעל און איז אַוועק אין דער ריכטונג צו דער פאַבריק; אָבער ער איז נאָך נישט אָבגעגאַנגען קיין צוואַנציג טריט, ווי זי איז איהם אַנטקעגען געקומען אין אַ קליידעל, וואָס איז געווען הויך אויפגעהויבען ביז איבער די וויסע איקרעס. זי איז געגאַנגען, צוהאַלטענדיג מיט די הענד דעם שאַל, אין וועלכען זי האָט פערוויקעלט איהר קאָפּ און די פלייצעס.

— וואו געהסטו עס? — האָט ער געפרעגט, ביי דער ערשטער מינוט נישט דערקענענדיג זי. ווען ער האָט דער־קענט, איז שוין געווען שפּעט. זי האָט זיך אָבגעשטעלט און שמייכלענדיג לאַנג געקוקט אויף איהם.

— אַ קעלבעל זוך איך. וואוהין זשע געהט איהר עס אין אַזאַ סלאַכאָטע? — האָט זי געזאָגט, פונקט ווי זי זאָל איהם יעדען טאָג זעהן.

— קום צוגעהן אין ביידעל, — האָט ער פלוצלונג, אַליין נישט וויסענדיג ווי אַזוי, געזאָגט. גלייך ווי עמיצער אַן־אַנ־דערער זאָל פון איהם האָבען אַרויסגעזאָגט די ווערטער.

זי האָט פערביסען דאָס טיכעל, צוגעשטימט מיט די אויגען און אַוועקגעלאָפען אַהין אין גאָרטען צום ביידעל, און ער איז ווייטער געגאַנגען מיט'ן מיין אַרונטערצוגעהן הינ־טער'ן בעז־בוימעל און פון דאָרטען זיך אויך צו פערקירע־וועז אַהינצו.

— פריץ, — האָט ער דערהערט פון הינטען אַ שטימע. — די פריצ'טע רופט, געבעטען אויף איין מינוט אַריינצוגעהן.

דאָס איז געוועז מישאַ, זייער בעדיענער.

„גאָט מיינער! צום צווייטען מאָל ראַטעוועסטו מיך", האָט אַ טראַכט געטהון יעווגעני און זיך גלייך אומגעקעהרט. דאָס וויב האָט איהם דערמאָהנט, אַז ער האָט צוגעזאָגט מיטאָנ־

צייט אַוועקצוטראָגען מעדיצין אַ קראַנקער פרוי, האָט זי איהם געבעטען געהמען עס.
ביז וואַן מ'האָט צוזאַמענגענומען די רפואה, איז אַריי־בער אַ מינוט פינף. דערנאָך, אַרויסגעהענדיג מיט'ן רעצעפּט, האָט ער זיך נישט בעשלאָסען צו געהן אין ביידעל, מ'זאָל איהם נישט דערזעהן פון שטוב, אָבער ווי נור מ'האָט איהם שוין נישט געקאָנט זעהן, האָט ער זיך גלייך אומגעדרעהט און איז אַוועק צום ביידעל. ער האָט זי שוין געזעהן אין זיין פאָרשטעלונג אַ פרעהליך שמייכלענדע אין מיטען ביידעל; אָבער ער האָט זי דאָרט שוין נישט גע־פונען, און אין ביידעל איז קיין שפור נישט געבליבען, וואָס זאָל בעווייזען, אַז זי איז דאָרטען געוועזן.
ער האָט שוין אַ טראַכט געטהון, אַז זי איז נישט געקומען און האָט נישט געהערט אָדער נישט פערשטאַ־נען זיינע ווערטער, — ער האָט זיך עס אַ מורמעל געטהון אונטער'ן נאָז, אַזוי ווי מורא האָבענדיג, זי זאָל עס נישט דערהערען, — אָדער פיליכט האָט זי נאָר נישט געוואָלט קו־מען. „און וואָס איז עס איהם עפּיס איינגעפאַלען, אַז זי וועט זיך גלייך אַ לאָז טהון צו איהם. זי האָט איהר מאַן; נור איך איינער בין אַזאַ פערדאָרבענער מענש, וואָס איך האָב אַ פרוי, און אַ גוטע פרוי, און לויף דאָך נאָך אַ פרעמ־דער". אַזוי האָט ער געטראַכט זיצענדיג אין ביידעל, וואָס האָט געדונגען אין איין אָרט און פון די שטרוי האָבען זיך געגאָסען טראָפּענס. „און וואָס פאַר אַ גליק וואָלט עס גע־ווען, ווען זי וואָל שוין יאָ קומען! — אַליין, דאָ, אין דעם רעגען, האָטש איינמאָל נאָך אַרומנעהמען זי, און דערנאָך זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך. אַך, יאָ" — האָט ער זיך דערמאָהנט, — „אויב זי איז געוועזן, קאָן מען נאָך די צייכענס געפינען". ער האָט אַ קוק געטהון אויף דער ערד פונ'ם ווענעל, וואָס איז דורכגעטראָטען געוועזן צום ביידעל און נישט פערוואַקסען מיט גראָז, — און אַ פרישער צייכען פון אַ באָרוויסער פוס, וואָס האָט זיך נאָך אַ גליטש געטהון, איז געוועזן אויף איהר. „יאָ, זי איז געוועזן. אָבער איצט איז אַלץ געענדיגט. וואו איך וועל זי נישט דערזעהן, וועל איך צוגעהן צו איהר. ביינאַכט וועל איך געהן צו איהר".
ער איז לאַנג געזעסען אין ביידעל און איז אַרויס פון

דאָרט אַ אויסגעמאַטערטער און אַ דערשלאָגענער. ער האָט אַחעקגעטראָגען די מעדיצין, צוריקגעקעהרט אַהיים און זיך געלעגט בּיי זיך אין צימער, וואַרטענדיג אויף מיטאָג.

# XVII

פאַר מיטאָג איז ליזע געקומען צו איהם, און צוטראַכטענדיג אַלץ, וואָס קאָן עס זיין די סיבה פון זיין אונצופריעדענקייט, האָט זי איהם אָנגעהויבּען צו רעדען, אַז זי האָט מורא, דאָס איהם איז אונאַנגענעהם, וואָס מ'וויל זי פיהרען קיין מאָסקווע האָבּען דאָס קינד, און אַז זי האָט בּעשלאָסען, אַז זי וועט דאָ בּלייבּען און וועט אויף קיין פאַל נישט פאָהרען קיין מאָסקווע. ער האָט געוואוסט, ווי זי האָט מורא געהאַט אי פאַר'ן האָבּען אַליין, אי דערפאַר, זי זאָל נישט געבּוירען נישט קיין גוט קינד, און האָט דעריבּער נישט געקאָנט נישט נתפּעל ווערען, זעהענדיג ווי לייכט זי איז אַלץ מקריב אויס ליעבּע צו איהם. אַלץ איז געווען אַזוי גוט, פרעהליך, ריין אין די צימערען; און בּיי איהם אויף דער נשמה איז געווען בּרודיג, שמוציג, שוידערהאַפט. דעם גאַנצען אָוועגד האָט זיך יעוונעני געמאַטערט דערמיט, וואָס ער האָט געוואוסט, דאָס נישט קוקענדיג אויף זיין אויפריכטיגען עקעל צו זיין שוואַכקייט, נישט קוקענדיג אויפ'ן פעסטען בּעשלוס איבּערצורייסען, וועט מאָרגען ווייטער זיין דאָס זעלבּע.

— ניין, דאָס איז אונמעגליך, — האָט ער צו זיך געזאָגט, אַרומגעהענדיג הין און צוריק איבּער זיין צימער. — ס'מוז דאָך זיין עפּיס אַ מיטעל נעגען דעם. גאָט מיינער, וואָס טהוט מען?

עמיצער האָט אויפ'ן אויסלענדישען שטיינער אָנגעקלאַפּט אין טהיר. דאָס, האָט ער געוואוסט, איז געווען דער פעטער. — אַריין, — האָט ער געזאָגט.

דער פעטער איז מיט זיין אייגענעם חילען געקומען אַלס שליח פון דער ווייבּ.

— ווייסטו, איך געפין ווירקליך אין דיר אַ פערענדערונג, — האָט ער געזאָגט, — איך פערשטעה, ווי דאָס מאַטערט ליזע'ן. נאַטירליך, איז דיר שווער אַוועקצוואַרפען די גאַנצע

אָנגעהויבענע שענע אונטערנעהמונג דאָ, נאַר, ווי דו ווילסט, איך וואָלט אַייך נערמטהען אַוועקצופאָהרען. וועט זיין רו־הינער פאַר דיר און פאַר איהר. און, ווייסט, מיין ראַטה איז צו פאָהרען אין קרים. ערשטענס, דער קלימאַט, און ווייטער, אַנ'אַקושער איז דאָרט אויך פאַרהאַן אַנ'אויסגעצייכענטער, און איהר וועט אָנקומען צום סאַמע טרויבען־סעזאָן.

— פעטער, — האָט פלוצלונג יעווגעני אָנגעהויבען, — קאָן איך אייך אָנטרויען מיין געהיימניש? אַ שרעקליכע געהיימניש פאַר מיר, אַ העסליכע געהיימניש.

— וואָס רעדסטו, צי דען ביסטו נישט זיכער אין מיר?

— פעטער, איהר קאָנט מיר העלפען. נישט נור העלפען: ראַטעווען מיך, — האָט געזאָגט יעווגעני. און דער געדאַנק וועגען דעם, אַז ער וועט ענטפּלעקען זיין סוד דעם פעטער, וועלכען ער האָט נישט געאַכטעט, דער געדאַנק וועגען דעם, אַז ער וועט זיך אַרויסווייזען פאַר איהם פון דער ערגסטער זייט, וועט זיך ערנידרינגען פאַר איהם, איז איהם געווען אַנגענעהם. ער האָט זיך געפיהלט פאַר שולדיג, עקעליג און ער האָט געוואָלט זיך אַליין צו בעשטראָפען.

— רעד, מיין פריינד, דו ווייסט, ווי איך האָב דיך ליעב בעקומען, — האָט אָנגעהויבען דער פעטער, וואַהרשיינליך, זעהר צופריעדען סיי דערמיט, וואָס עס איז דאָ אַ געהיימניש, און וואָס די געהיימניש איז אַ שענדליכע, און די געהיימניש וועט מען איהם ענטפּלעקען, און וואָס ער קאָן דאָ זיין נוצליך.

— פריהער פון אַלץ דאַרף איך זאָגען, אַז איך בין אַ נידערטרעכטיגער מענש, אַ טויגעניכטס, און אַ פערדאָרבענער, טאַקע ווירקליך אַ פערדאָרבענער.

— נו, וואָס רעדסטו, — האָט אָנבלאָזענדיג זיך די האַלז אָנגעהויבען דער פעטער.

— ווי זשע בין איך עס נישט קיין פערדאָרבענער, אַז איך, ליזע'ס מאַן, ליזע'ס! מ'דאַרף דאָך קענען איהר ריינקייט, איהר ליעבע... אַז איך, איהר מאַן, וויל זי אָבנאַרען מיט אַ פויערטע.

— ס'הייסט, וואָס עפּיס דו ווילסט, דו האָסט זי נאָך נישט אָבגענאַרט?

— יאָ, דאָס הייסט, אַלץ איינס, ווי אָבגענאַרט, ווייל דאָס איז נישט געווען אָבהענגיג פון מיר, איך בין גרייט געווען. ס'האָט מיר געשטערט, אַ נישט וואָלט איך שוין ערשט... ערשט... איך ווייס נישט, וואָס איך וואָלט געטהון...

— אָבער לאָז, דו ערקלער מיר...

— נו, אָט, ווען איך בין געווען אַנ'אונפערהייראַטער, בין איך בעגאַנגען די נאַרישקייט אַריינצוטרעטען אין בעציהונגען מיט אַ פּראָויענצימער דאָ, פון אונזער דאָרף. ס'הייסט, ווי?.. איך פלעג זיך טרעפען מיט איהר אין וואַלד, אויפ'ן פעלד...

— און אַ שענינקע? — האָט דער פעטער געזאָגט.

יעווגעני האָט זיך אַזש אַ קרים געטהון פון דער פראַגע, ער האָט זיך אָבער אַזוי געגוויטינט אין אויסערליכער שטיצע, אַז ער האָט ווי נישט געהערט דעם פעטערס ווערטער און ווייטער גערעדט.

— נו, האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז נאָר אַזוי זיך, אויף אַ ווײַלע און אַז איך וועל מיט איהר וועלען איבעררייסען, וועט זיך אַלץ ענדיגען. און איך האָב איבער-געריסען נאָך פאַר דער התונה און כמעט אַ יאָהר האָב איך זי נישט געזעהן און נישט געטראַכט וועגען איהר. — יעווגעני'ן איז אַליין עפּיס משונה געווען זיך צוצוהערען צו זיך, צו הערען די שילדערונג פון זיין צושטאַנד. — דערנאָך, פלוצלונג, איך ווייס נישט, פאַרוואָס, ווירקליך אַמאָל הויבט מען אָן צו גלויבען אין צויבעריי, — איך האָב זי דערזעהן און אַ וואָרים איז מיר אַריינגעקראָכען אין האַרצען און פרעסט מיך. איך זידעל זיך, פערשטעה דעם גאַנצען גרויל פון מיין טהאַט, ס'הייסט דערפון, וואָס צו יעדער מינוט קאָן איך עס טהון און איך גאָה דערויף אַליין, און אויב איך האָב עס נאָך נישט געטהון, האָט מיך נאָר גאָט אַליין געראַטעוועט. נעכטען בין איך געגאַנגען צו איהר, ווען ליזע האָט מיך גערופען.

— ווי, אין רעגען?

— יאָ; כ'האָב מיך אויסגעמאַטערט, פעטער, און בעֶ-

שלאָסען זיך צו ענטפּלעקען פֿאַר אײַך און בעטען אײער הילף.

— יאָ, נעווים, בײַ זיך אין הויף איז עס נישט גוט. מ׳וועט זיך דערוויסען. איך פֿערשטעה, אַז ליזע איז שוואַך, און מ׳דאַרף זי שוינען. אָבער צי וואָס בײַ זיך אין הויף?

ווידער האָט זיך יעווגעני בעמיהט נישט צו הערען דאָס, וואָס דער פּעטער האָט גערעדט, און איז צוגעטראָטען ניכער צום תּוך פֿון דער זאַך.

— אָבער איהר ראַטעוועט מיך פֿון זיך אַליין. אָט וועגען וואָס איך בעט אײַך. היינט האָט מען מיר צופּעליג געשטערט. אָבער מאָרגען, אַ צווייטען מאָל, וועט מען מיר נישט שטערען. און זי ווייס דאָס איצט. לאָזט זשע מיך נישט אַליין.

— יאָ, איינגענטליך, — האָט דער פּעטער געזאָגט, — אָבער צי דען ביזטו אַזוי פֿערליעבט?

— אַך, נאָרנישט דאָס מיין איך. דאָס איז נישט דאָס, דאָס איז עפּיס אַזוי, ווי עס וואָלט מיך אַ קראַפֿט אַרומגע־האַפּט און מיך האַלטען. איך ווייס נישט, וואָס צו טהון. פֿילײַכט, וועל איך שטאַרקער ווערען, דאַן...

— נו, קומט דאָך טאַקע אַרויס אויף מיינע ריד, — האָט דער פּעטער געזאָגט. — לאָמיר פֿאָהרען קיין קרים.

— יאָ, יאָ, לאָמיר פֿאָהרען, און ווי לאַנג איך וועל זיין מיט אײַך, וועל איך מיט אײַך רעדען.

XVIII

דאָס, וואָס יעווגעני האָט פֿערטרויט זיין סוד דעם פּע־טער, און, די הויפּט־זאַך, די געוויסענס־ביסען און די חרפּה, וואָס ער האָט איבערגעלעבט נאָך יענעם רעגענדיגען טאָג, האָבען איהם אויסגעניכטערט. די רייזע קיין יאַלטע איז בע־שלאָסען געוואָרען אין אַ וואָך אַרום. איבער דער וואָך איז יעווגעני געפֿאָהרען אין שטאָדט, אום קריגען געלד אויף דער רייזע, האָט אַרויסגעגעבען פֿון שטוב אין קאָנטאָר פֿעראָרד־

נונגען איבער דער בעל־הבית׳ישקייט, איז צוריק געוואָרען פּריעה־ליך און נאָהנט מיט דער פרוי און האָט אָנגעהויבען גייסטיג אָבצולעבען.

אַזוי, קיין איין מאָל נאָך יענעם רעגענדיגען טאָג נישט זעהענדיג סטעפאַנידע׳ן, איז ער אַוועקגעפאָהרען מיט דער פרוי קיין קרים. אין קרים האָבען זיי אויסגעצייכענט פער־בראַכט צוויי חדשים. יעווגעני האָט בעקומען אַזוי פיעל נייע איינדריקען, אַז אַל דאָס פריהעריגע איז איינגאַנצען, ווי ס׳האָט זיך איהם געדאַכט, אָבגעמעקט געוואָרען פון זיין געדעכעניש. אין קרים האָבען זיי בעגעגענט אַלטע בעקאַנטע, און זענען זעהר נאָהנט געוואָרען מיט זיי, אויסער דעם, האָבען זיי געמאַכט נייע בעקאַנטשאַפט.

דאָס לעבען אין קרים איז פאַר יעווגעני׳ן געווען אַ שטענדיגער יום־טוב, אויסער דעם, איז עס אויך געווען בע־לעהרענד און נוצליך פאַר איהם. זיי זענען דאָרט נאָהנט געוואָרען מיט׳ן געוועזענעם אָנפיהרער פון די אַדעליגע פון זייער איינענער גובערניע, אַ קלוגער, ליבעראַלער מענש, וואָס האָט ליעב בעקומען יעווגעני׳ן, האָט איהם געלערנט און צוגעצויגען אויף זיין זייט.

ענדע אויגוסט האָט ליזע געבוירען אַ שען, געזונד מיי־דעלע, און אונערוואַרטעט האָט זי געבוירען זעהר גרינג.

אין סעפּטעמבער זענען די אירטעניעוו׳ס אַוועקגעפאָהרען אַהיים, שוין זאַלבע־פיערט, מיט אַ קינד און אַנ׳אַם, ווייל ליזע האָט נישט געקאָנט אַליין זויגען. איינגאַנצען פריי פון דער פריהערדיגער שרעק, האָט יעווגעני זיך אַהיים געקעהרט אַ גאַנץ נייער און גליקליכער מענש. איבערלעבענדיג דאָס אַלץ, וואָס עס לעבען איבער מענער ביים געבוירען, האָט ער נאָך שטאַרקער ליעב בעקומען זיין פרוי. דאָס געפיהל צום קינד, ווען ער פלעגט עס נעהמען אויף די הענד, איז געווען אַ ליעבערליכעס, נייעס, זעהר אַנגענעהמעס, ווי אַ קיצעלדיג גע־פיהל. נאָך אַ נייעס אין זיין לעבען איז געווען דאָס, וואָס אויסער זיין אַרבייט איבער דער בעל־הבית׳ישקייט, האָט זיך ביי איהם אין האַרצען, אַדאַנק דער פריינדשאַפט מיט דומטשינ׳ען

(דער נעוועזענער אָנפיהרער פון די אַדעליגע), ערוועקט אַ נייער אינטערעס, אַ זעמסקער, טיילוויז עהרענגייציג, און טיילוויז אויך אָנערקענענדיג זיין בירגער-פליכט. אין אָקטאָבער האָט געזאָלט זיין אַ אויסעראָרדענטליכע פערזאַמלונג פון די אַדעליגע, אויף וועלכער מ'האָט איהם געזאָלט אויסוועהלען אַלס אָנפיהרער. קומענדיג אַהיים, איז ער איינמאָל צוגעפאָהרען אין שטאָדט אַריין, אַ צווייטען מאָל צו דומטשינ'ען.

הענען זיין אַמאָליגען ליידענשאַפטליכען פיין און זיין קאַמפף מיט זיך האָט ער פערגעסען אַפילו צו טראַכטען און האָט זיך נאָר מיט שוועריגקייט געקאָנט עס דערמאָהנען אין זיין פאָרשטעלונג. דאָס האָט איהם אויסגעזעהן, ווי אַ מין משוגעת, וואָס איז איהם געווען דאַן בעפאַלען.

ער האָט זיך אויף אַזוי פיעל געפיהלט בעפרייט דערפון, אַז ער האָט אַפילו נישט מורא געהאַט צו פרעגען, ביי דער ערשטער געלעגענהייט, ווען זיי זענען געבליבען אַליין, ביים פריקאַזטשיק. אַזוי ווי זיי האָבען דאָך שוין גערעדט דערפון, איז עס איהם נישט געווען אַנגענעהם.

— נו וואָס, פעטשניקאָוו סידאָר וואוינט נאָך אַלץ נישט אין דערהיים?—האָט ער געפרעגט.

— ניין, אַלץ אין שטאָדט.

— נו, און די ווייב זיינע?

— אַ צולאָזען ווייבעל. ערשט שלעפט זי זיך מיט זינאָוועי'ען. זי איז שוין אינגאַנצען פערלוירען.

„נו, אויסגעצייכענט, — האָט יעווגעני אַ טראַכט געטהון. — וואונדערבאַר, ווי מיר איז דאָס גאַנץ גלייכגילטיג און ווי איך האָב מיך פערענדערט“...

XIX

ס'איז געשעהן אַלץ, ווי יעווגעני האָט געוואָלט. דאָס גוט איז געבליבען ביי איהם, די פאַבריק איז אַוועק גוט, די בוראַקעס זענען זעהר געראָטען, און ס'איז געווען צו ערוואַרטען אַ גרויסע איינקונפט; די פרוי האָט גליקליך גע-

בוירען, און די שווינגער איז אַוועקגעפאָהרען, און איהם האָט מען אויסגעוועהלט איינשטימיג.

יעווגעני האָט נאָכ'ן אויסוועהלען אַהיים געקעהרט פון שטאָדט. מ'האָט איהם אין שטאָדט אָבגעגעבען מזל-טוב, ער האָט בעדאַרפט אָבדאַנקען, און ער האָט געגעסען מיטאָג און אויסגעטרונקען אַ פינף באָקאַלען שאַמפּאַניער. גאַנץ נייע לעבענס-פּלענער האָבען זיך איהם איצט פאָרגעשטעלט. ער איז געפאָהרען אַהיים און געטראַכט וועגען זיי. ס'איז געווען אַ זוניגער הערבסט-טאָג. אַ אויסגעצייכענטער וועג, אַ העלע זון. צופאָהרענדיג צום שטוב, האָט יעווגעני געטראַכט וועגען דעם, ווי ער וועט דורך דער וואַהל פערנעהמען צווישען פאָלק גראָד די לאַגע, וועגען וועלכער ער האָט שטענדיג געטרוימט, ד. ה. אין וועלכער ער וועט אימשטאַנד זיין איהם צו דיענען נישט נור מיט פּראָדוקטיווער, ווירטשאַפטליכער אַרבייט, נאָר אויך מיט דירעקטער ווירקונג. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי עס וועלען וועגען איהם רעדען אין דריי יאָהר אַרום זיינע איי־גענע פויערן און פרעמדע. „אָט דער אויך", האָט ער גע־טראַכט, דורכפאָהרענדיג אין דער צייט איבער'ן דאָרף און קוקענדיג אויף אַ פויער מיט אַ פויערטע, וואָס זענען איהם נעגאַנגען איבער'ן וועג מיט אַ פולען עמער. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט, דורכלאָזענדיג דאָס וועגעלע. דער פויער איז געווען דער אַלטער פעטשניקאָוו, די פויערטע איז געווען סטע־פאַנידע. יעווגעני האָט אַ קוק געטהון אויף איהר, האָט זי דערקענט און מיט פרייד דערפיהלט, אַז ער איז געבליבען אינגאַנצען רוהיג. זי איז נאָך געווען אַלץ אַזוי סימפּאַטיש, אָבער דאָס האָט איהם גאָרנישט געריהרט. ער איז געקומען אַהיים.

דאָס ווייב האָט איהם בעגעגענט אויפ'ן גאַניק. ס'איז געווען אַ זעלטען-שענער אָווענד.

— נו וואָס, מ'קאָן דיר גראַטולירען? — האָט געפרעגט דער פעטער.

— יאָ, אויסגעוועהלט.

— נו, אויסגעצייכענט. מ'דאַרף „בענעצען".

אויף מאָרגען איז יעזהנעני אַװעקגעפאָהרען איבער'ן נוס צו פערנעהמען זיך פון דאָסניי מיט דער בעל-הבית'ישקייט, װאָס ער האָט נעהאַט פערלאָזען. אויפ'ן הוטאָר האָט געאַרבייט אַ נייע דרעש-מאַשין. בעטראַכטענדיג איהר אַרבייט, איז יעזהנעני אַרומגעגאַנגען צװישען די פויערטעס, מיהענדיג זיך נישט צו בעמערקען זיי, נאָר װיפיעל ער האָט זיך נישט געמיהט, האָט ער צװיי מאָל בעמערקט די שװאַרצע אויגען און דאָס רויטע טיכעל פון סטעפאַנידע'ן װאָס האָט געטראָגען די שטרוי. אַמאָל צװיי האָט ער נעהאַפּט אַ קוק אויף איהר און דערפיהלט, אַז אין איהם איז װידער עפּיס אויפגעלעבט, נאָר ער האָט זיך נישט געקאָנט אָבגעבען קיין קלאָרען חשבון. ערשט אויף מאָרגען, װען ער איז װייטער אַװעקגעפאָהרען אין׳ טייער פון הוטאָר און איז אָבגעזעסען דאָרט צװיי שעה, װאָס ס'האָט איננאַנצען נישט בעדאַרפט, נישט אויפהערענדיג מיט די אויגען צו גלעטען דאָס בעקאַנטע, שענע געשטאַלט פון דער יונגער פרוי, האָט ער דערפיהלט, אַז ער איז פערלאָרען, פערלאָרען איננאַנצען, נישט צוריקצוקעהרען. פון דאָסניי די מאַטערנישען, פון דאָסניי די גאַנצע שרעק און שױדער, און נישטאָ פאַר איהם קיין רעטונג מעהר.

---

דאָס, װאָס ער האָט ערװאַרט, איז מיט איהם געשעהן. אויף מאָרגען אין אָװענד האָט ער, אַליין נישט װיסענדיג װי אַזוי, זיך געפונען הינטער איהר הויף, געגענאיבער איהר היי-שפּייכלער, װאו זיי האָבען איינמאָל, הערבסט-צייט, זיך צוזאַמענגעקומען. ער האָט, װי שפּאַצירענדיג, זיך אָבגעשטעלט דאָ, פערװיילענדיג אַ פּאַפּיראָס, אַ פויערטע, אַ שכנה האָט איהם דערזעהן, און דורכגעהענדיג צוריק, האָט ער דערהערט, װי זי האָט געזאָגט צו עמיצען: „געה, ער װאַרט. װאָל איך שטאַרבען, אויב נישט, ער שטעהט דאָרטען. געה, נאַר!"

ער האָט געזעהן, װי אַ פרוי — זי — איז אַװעקגעלאָפען צום שפּייכלער, ער האָט שוין אָבער נישט געקאָנט זיך אומקעהרען, װייל איהם האָט געטראָפען אַ פויער, און ער איז אַװעק אַהיים.

XX

ווען ער איז אַריין אין גאַסט-צימער, האָט איהם אַלץ אויסגעוויזען פרעמד און אומנאַטירליך. אין דערפריה איז ער נאָך אויפגעשטאַנען אַ פרישער, מיט'ן בעשלוס אַוועקצוהאַרפען, פערגעסען, נישט דערלאָזען זיך צו טראַכטען. נאָר, אַליין נישט בעמערקענדיג ווי אַזוי, האָט ער זיך דעם גאַנצען פריה-מאָרגען נישט נור ניט אינטערעסירט מיט די נעשעפטען, נאָר ער האָט זיך נאָך בעמיהט צו בעפרייען פון זיי. דאָס, וואָס פריהער איז עס געווען וויכטיג, האָט איהם געפרעהט, איז ערשט געווען נישטיג. ער האָט זיך אונבעוואוסטזיניג געסטאַרעט פטור צו ווערען פון דער אַרבייט. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז מ'דאַרף זיך בעפרייען, אום צו בעטראַכטען, בין-רעלענען. און ער האָט זיך בעפרייט און איז געבליבען אַליין. אָבער ווי נור ער איז געבליבען אַליין, איז ער אַוועק אַרומשל'עפען זיך אין גאָרטען, אין וואַלד. און די אַלע ערטער זענען געווען פערבראָדיגט מיט ערינערונגען, ערינע-רונגען, וואָס האָבען איהם איננאַנצען אַריינגעצויגען. און ער האָט געפיהלט, אַז ער געהט אין גאָרטען, און זאָגט זיך, אַז ער בעטראַכט עפּיס, און אין דער אמת'ען בעטראַכט ער קיין זאַך נישט, נאָר ער וואַרט אויף איהר אונזיניג, אָהן אַ שום גרונד, וואַרט דערויף, זי זאָל על-פּי-נס פערשטעהן, ווי ער בענעהרט זי, און קומען ערגעץ אַהין, וואו קיינער וועט זיי נישט דערזעהן, אָדער בייגאַכט, ווען עס וועט קיין לבנה נישט זיין, און קיינער, אַפילו זי, וועט נישט דערזעהן, אין אַזאַ נאַכט וועט זי קומען און ער וועט זיך צוריהרען צו איהר קערפּער...

„יאָ, אָט האָסטו דיר איבערגעריסען, ווען עס האָט זיך פערוואָלט, — האָט ער גערעדט צו זיך. — יאָ, אָט האָסטו דיר צוליעב'ן געזונד זיך צונויפגעקומען מיט אַ ריינער, געזונדטער פרוי. ניין, חיזוק אויס, אַז אַזוי שפּיעלען מיט איהר טאָר מען נישט. איך האָב געמיינט, אַז איך האָב זי גענומען, און ערשט האָט זי גאָר מיך גענומען, גענומען און לאָזט

נישט אָב. אָט האָב איך דאָך געמיינט, אַז איך בין פריי, און איך בין נישט געווען פריי. איך האָב זיך גענאַרט, ווען איך האָב חתונה געהאַט. אַלץ איז געווען נאַרישקייטען, נענאַרעריי. פון דאַן אָן, זינט איך בין זיך צונויפגעקומען מיט איהר, האָב איך דערפיהלט אַ ניי געפיהל, דאָס אמת'ע געפיהל פון אַ מאַן. יאָ, כ'האָב בעדאַרפט לעבען מיט איהר".

„יאָ, צווייערליי לעבענס זענען מעגליך פאַר מיר: איינס איז דאָס, וואָס איך האָב אָנגעהויבען מיט ליזע'ן: אַרבייט, ווירטשאַפט, דאָס קינד, אַכטונג פון מענשען. אויב דאָס לעבען, דאַרף מען, אַז זי, סטעפּאַנידע, זאָל נישט זיין. מ'דאַרף זי אַוועקשיקען, ווי איך האָב געזאָגט, אָדער זי אונטערברענגען, זי זאָל נישט זיין. און דאָס אַנדערע — איז דאָס: צונעהמען זי ביים מאַן, געבען איהר געלד, פערגעסען די שאַנדע, און לעבען מיט איהר. אָבער דעמאָלט דאַרף מען, אַז ליזע זאָל נישט זיין, און מימי (דאָס קינד). ניין, צו וואָס? דאָס קינד שטערט נישט, נאָר ליזע זאָל נישט זיין, זי זאָל אַוועקפאָהרען. זי זאָל זיך דערוויסען, פערשעלטען און — אַוועקפאָהרען. זיך דערוויסען, אַז איך האָב זי פערביטען אויף אַ פויערטע, אַז איך בין אַ פאַלשער, אַ נידערטרעכטינער, ניין, דאָס איז צופיעל שוידערהאַפט! דאָס טאָר מען נישט. יאָ, נאָר ס'קאָן אַזוי אויך זיין, — האָט ער ווייטער געטראַכט, — ס'קאָן אַזוי זיין: ליזע וועט קראַנק ווערען און שטאַרבען. זי וועט שטאַרבען, און דאַן וועט אַלץ זיין אויסגעצייכענט".

„אויסגעצייכענט! אַ, נידערטרעכטיגער! ניין, אויב שוין יאָ שטאַרבען, איז זי. ווען זי זאָל שטאַרבען, סטעפּאַנידע, ווי גוט וואָלט עס געווען.

„יאָ, אָט ווי מען פערגיפטעט אָדער מען ערמאָרדעט פרויען אָדער געליעבטע. נעהמען אַ רעוואָלווער און געהן אַרויסרופען פון שטוב און אָנשטאָט אַרומנעהמען, גלייך אין ברוסט אַריין — און פאַרטיג.

ה

„טוּיטען! יאָ. נוּר צווייַ אוֹיסגאַנגען: ערמאָרדען דאָס ווייב אָדער זי. ווייל אַזוֹי לעבען איז אוּנמעגליך*). אוּנמעגליך. מ'דאַרף עס בערעכענען אוּן פאָרוֹיס אַלץ אַרוּמטראַכטען. אוֹיב לאָזען אַזוֹי ווי עס איז, וואָס־זשע וועט דערפוּן ענדליך אַרוֹיסקוּמען? אַרוֹיסקוּמען וועט דאָס, אַז איך וועל זיך ווייטער זאָגען, אַז איך וויל נישט, אַז איך וועל אַוועקוואַרפען, אָבער כ'וועל עס נישט מעהר. ווי זאָגען, אוּן אין אָווענד וועל איך זיך אַרוּמדרעהען הינטער די פּאַרקאַנעס,—אוּן זי וויס, אוּן זי וועט קוּמען. אוּן אָדער מענשען וועלען זיך דערוויסען אוּן דערצעהלען דער ווייב, אָדער איך וועל איהר אַליין זאָגען, ווייל איך קאָן נישט לייקענען, איך קאָן נישט אַזוֹי לעבען. כ'קאָן נישט. מ'וועט זיך דערוויסען. אַלע וועלען זיך דערוויסען—סייַ פּאַראַשע, סיי דער שמיעד. נוּ, אוּן וואָס, קאָן מען דען אַזוֹי לעבען?

„אוּנמעגליך. נוּר צווייַ אוֹיסגאַנגען איז פאַרהאַן: דאָס ווייב טוּיטען אָדער זי. אוּן נאָך... אַך, יאָ, אַ דריטער איז נאָך דאָ: זיך,—האָט ער שטיל אַרוֹיסגערעדט, אוּן פּלוּצלוּנג איז איהם אַ פראָסט אַריבער איבער'ן לייב. „יאָ, זיך, דאַן וועט מען זיי נישט דאַרפען ערמאָרדען“. איהם איז געוואָרען שרעקליך, נוּר צוּליעב דעם, וואָס ער האָט דערפיהלט, אַז נוּר דער דאָזיגער איינציגער אוֹיסגאַנג איז מעגליך. אַ רעוואָלווער איז דאָ. „צי דען וועל איך זיך ערמאָרדען? וועגען דעם האָב איך גאָר קיינמאָל נישט געטראַכט, ווי מאָדנע דאָס וועט זיין“.

ער איז צוּריק אַוועק צוּ זיך אין צימער אוּן גלייך געעפענט דעם שוּפלאָד, אין וועלכען עס איז געלעגען דער רעוואָלווער, אָבער איידער ער האָט נאָך בעוויזען איהם צוּ עפענען, איז אַריינגעקוּמען דאָס ווייב.

XXI

ער האָט אַרוֹיפגעוואָרפען אַ ציישוּנג אוֹיפ'ן רעוואָלווער.

---

*) דאָ הוֹיבט זיך אָן דער וואַריאַנט. זעה ז. 83.

— חייטער דאָסזעלבע, — האָט זי מיט שרעק געזאָגט, אַ קוק טהוענדיג אויף איהם.

— וואָס דאָסזעלבע?

— דערזעלבער שרעקליכער אויסדרוק, וואָס איז גע־וועזן פריהער, ווען דו האָסט מיר נישט געוואָלט זאָגען. געניע, מיין טייערינקער, זאָג מיר. איך זעה, אַז דו מאַטערסט זיך. זאָג מיר, װעט דיר גרינגער זיין. וואָס עס זאָל נישט זיין, אַלץ גרינגער פון די מאַטערנישען דיינע. איך ווייס דאָך, אַז ס'איז קיין שום בּיין.

— דו ווייסט? דערווייל...

— זאָג, זאָג, זאָג. איך וועל דיך נישט לאָזען.

ער האָט פערלוירענדיג זיך אַ שמייכעל געטהון.

„זאָגען? ניין, דאָס איז אונמעגליך. און ס'איז נישטאָ וואָס צו זאָגען".

אפשר וואָלט ער איהר געזאָגט, נאָר אין דער צייט איז אַריינגעקומען די אַם, פרעגענדיג, צי מ'קאָן געהן שפּאַציערען. ליזע איז אַרויס אָנצוטהון דאָס קינד.

— װעסטו זאָגען? כ'װעל באַלד קומען.

— יאָ, פּילייכט...

זי האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פערגעסען דעם ליידענ־דען שמייכעל, מיט וועלכען ער האָט עס געזאָגט. זי איז אַרויס.

איילענדיג, גנב'ענדיג זיך, ווי אַ מערדער, האָט ער גע־האַפּט דעם רעוואָלווער, אַרויסגעצויגען פון ציכעל. „ער איז אָנגעלאָדען, יאָ, נאָר שוין פון לאַנג, נאָר איין קויל פעהלט".

„נו, וואָס וועט זיין?" ער האָט'ן צוגעשטעלט צום שלייף, האָט זיך אַפילו געהאַט צוריק געהאַלטען, אָבער גלייך ווי ער האָט זיך דערמאָהנט אָן סטעפּאַנידע'ן, — דעם בּעשלוס נישט צו זעהן, דעם קאַמפּף, דאָס געשטרויכעלט ווערען, דאָס פאַלען, ווידער אַ קאַמפּף, — האָט ער אַזש אַ ציטער געטהון פון שרעק.

„ניין, בּעסער דאָס", און האָט אַ דריק געטהון דאָס צינגעל.

ווען ליזע איז אַריינגעלאָפען אין צימער, — זי האָט נאָר־וואָס בּעוויזען אַראָבּצוגעהן פון באַלקאָן, — איז ער געלעגען מיט'ן פּנים אַראָבּ אויף דער ערד; דו שוואַרצע, וואַרימע בּלוט האָט

זיך געגאָסען ראַש פֿון דער וואונד, און דער פּויטער קערפּער האָט נאָך געציטערט.

ס'איז געוועזן אַ אויספאָרשונג. קיינער האָט נישט געקאָנט פֿערשטעהן און ערקלערען די סבות פֿונ'ם זעלבסט-מאָרד. דעם פֿעטער איז אַפּילו קיין איין מאָל אויפ'ן זין נישט אַרויף, אַז די סבה קאָן האָבען וואָס אַלגעמיינעס מיט דער ערקלערונג, וואָס יעוונעני האָט איהם מיט צוויי חדשים צוריק געמאַכט.

וואַרוואַרא אַלעקסייעוונאַ האָט פֿערזיכערט, אַז זי האָט עס שטענדיג פֿאָראויסגעזאָגט. מ'האָט עס געקאָנט זעהן, ווען ער האָט דיספּוטירט. ליזע און מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָבען ביידע אויף קיין פֿאַל נישט געקאָנט פֿערשטעהן, פֿאַרוואָס דאָס איז געשעהן, און האָבען דאָך נישט געגלויבט דערין, וואָס די דאָקטוירים האָבען געזאָגט, אַז ער איז אַ גייסטיג-קראַנקער, אַ פּסיכאָפּאַט. זיי האָבען אין קיין פֿאַל נישט געקאָנט איינשטימען דערמיט, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אַז ער איז געווען אַ מענש מיט געזינטערע געדאַנקען, ווי הונדערטער מענשען, וועלכע זיי האָבען געקענט.

און, ווירקליך, אויב יעוונעני אירטעניעוו איז געווען אַ גייסטיג-קראַנקער, זענען אַלע מענשען אויך אַזוינע גייסטיג-קראַנקע; און די כּמעט קראַנקע זענען, אָהן צווייפֿעל, די, וואָס זעהען אין אַנדערע מענשען סימנים פֿון משוגעת, וועלכע זיי זעהען נישט אין זיך.



# אַ וואַריאַנט פון׳ם סוף פון דער ערצעהלונג „דער טייוועל".

האָט ער זיך געזעגנט און, צוגעהענדיג צום טיש, אַרויסגענומען פון דאָרטען דעם רעוואָלווער און, בעקוקענדיג איהם,— איין קויל האָט געפעהלט—האָט ער איהם אַריינגעלעגט אין דער הויזען-קעשענע.

— גאָט מיינער! וואָס טהו איך?—האָט ער פלוצלונג אויסגעשריען און, צונויפלענענדיג די הענד, אָנגעהויבען בעטען צו גאָט.

— אָ, גאָט, דו בעשעפער, העלף מיר, רעטע מיך! דו ווייסט, אַז איך וויל נישט קיין שלעכטס, אָבער איך קאָן נישט אַליין. העלף מיר,—האָט ער גערעדט, זיך צלמ׳ענדיג פאַר׳ן הייליגען בילד.

— אָבער איך קאָן דאָך זיך בעהערשען; כ׳וועל גערן, דורכגעהן זיך, בעטראַכטען.

ער איז אַרויס אין פאָדער-צימער, אָנגעטהון דאָס פעדצעל, די קאַלאָשען און אַרויס אויפ׳ן גאַניק. נישט בעמערקענדיג עס, האָבען זיך זיינע טריט געווענדעט נעבען גאָרטען, איבער׳ן וועג פון פעלד צום חוטאָר. אויפ׳ן חוטאָר האָט נאָך אַלץ גערוישט די דרעש-מאַשין און עס האָבען זיך געהערט די געשרייען פון די אינגלעך-אָנטרייבערס. ער איז אַריין אין שפייכלער. זי איז געווען דאָ. ער האָט זי גלייך דערזעהן. זי האָט צונויפגעשאַרט די זאַנגען, און, דערזעהענדיג איהם, האָט זי, לאַכענדיג מיט די אויגען, אַ דרייסטע, אַ פרעהליכע, אָנגעהויבען גיך צו לויפען איבער די צוואָרפענע זאַנגען, פלינק צונויפשאַרענדיג זיי. יעווגעני האָט נישט געוואָלט, ער האָט אָבער נישט געקאָנט ניט קוקען אויף איהר. ער האָט זיך צוריקגעכאַפּט ערשט דאַן, ווען מ׳האָט זי שוין נישט געזעהן. דער פּריקאַזטשיק האָט ערקלערט, אַז ערשט

דרעשט מען די פּערלעגענע זאַנגען, דעריבער קומט חענינער אַרויס. יעוונעני איז צוגעגאַנגען צום קלאַפּער, וואָס האָט פון צייט צו צייט נעקלאַפּט ביים דורכלאָזען די שלעכט-צולעגטע סנאָפּעס, און האָט נעפרענט דעם פּריקאַזטשיק, צי עס חעט זיין אַ סך אַזוינע פּערלעגענע סנאָפּעס.

— אַ פוהרען פינף חעט זיין.

— איז אָט וואָס...—האָט יעווגעני אָנגעהויבען און נישט פּערענדיגט. זי איז צוגעגאַנגען צום סאַמע קלאַפּער, אַרויסשאַרענדיג פון הינטער איהם די זאַנגען, און האָט איהם אַ ברען געטהון מיט איהר לאַכענדינען בליק.

דער בליק האָט נערעדט חענען פּרעהליכער אונבע-זאָרגטער ליעבע צחישען זיי, חענען דעם, אַז זי וויים, דאָס ער בע-געהרט זי, אַז ער איז נעקומען צו איהר שייער, און אַז זי איז, חי שטענדיג, גרייט צו לעבען מיט איהם און זיך פרעהען מיט איהם, נישט טראַכטענדיג חענען קיינע אומשטענדען און פאָלגען. יעוונעני האָט זיך דערחפיהלט אין איהר מאַכט, אָבער ער האָט זיך נישט נעחאָלט אונטערגעבען.

ער האָט זיך דערמאָהנט אָן זיין געבעט און נעפּרוּבט זי איבערצוזהרין. ער האָט זי אָנגעהויבען זאָגען פאַר זיך, ער האָט אָבער גלייך דערפּיהלט, אַז דאָס איז אונגוּצליך. איין נעדאַנק האָט איהם איינגאַנצען איינגעשלונגען: ווי אַזוי, אונבעמערקזאַם פאַר אַנדערע, אָבצוּרעדען מיט איהר זיך צו זעהן.

— אויב מיר וועלען היינט ענדיגען, חעט איהר הייסען נאָך היינט אָנהויבען אַ נייעם סקירד אָדער וואַרטען אויף מאָר-גען?—האָט נעפרענט דער פּריקאַזטשיק.

— יאָ, יאָ,—האָט געענטפערט יעווגעני, גענען זיין ווילען נאָכגעהענדיג איהר צום אָרט, אויף וועלכען זי מיט נאָך אַ פּויערטע האָבען צונעשאַרט די זאַנגען.

„אָבער צי דען קאָן איך זיך נישט בעהערשען?—האָט ער צו זיך נעזאָגט.—צי דען בין איך פּערלאָרען? גאָט מיינער! אָבער ס'איז דאָך נישטאָ קיין שום נאָט. ס'איז דאָ אַ טייוועל. און דאָס איז זי. ער האָט מיך בעהערשט. און איך חיל נישט, כ'וויל נישט. אַ טייוועל, יאָ, אַ טייוועל".

ער איז ווייטער צוגעגאַנגען צו איהר, אַרויסגענומען פון קעשענע דעם רעוואָלווער און איינס, צוויי, דריי מאָל אויסגעשאָסען איהר גלייך אין פּלייצע אַריין. זי האָט אַ לאָף געטהון און איז אומגעפאַלען אויפ'ן הויפען וואַנגען.

— טאַטעלעך, האַרציגע, וואָס איז דאָס?—האָבען געשריען די פּויערטעס.

— ניין, ס'איז נישט אונגערן. איך האָב זי מיט'ן גוטען ווילען ערמאָרדעט,—האָט יעווגעני אויסגעשריען.—שיקט נאָכ'ן סטאַנאָוואָי.

ער איז געקומען אַהיים און גאָרנישט זאָגענדיג דער ווייב, איז ער אַריין צו זיך אין קאַבינעט און זיך פערשלאָסען.

— געה נישט צו מיר—האָט ער געשריען צום ווייב דורך דער טהיר—וועסט זיך דערוויסען אַלץ.

אין אַ שעה אַרום האָט ער אָנגעקלונגען און ביים געקומענעם לאַקיי געפרעגט: „געה, דערוויס זיך, צי סטעפּאַנידע לעבט נאָך".

דער לאַקיי האָט שוין אַלץ געוואוסט און געזאָגט, אַז זי איז געשטאָרבען נאָך מיט אַ שעה צוריק.

— גו, אויסגעצייכענט. ערשט לאָז מיך,—ווען ס'וועט קומען דער סטאַנאָוואָי אָדער דער סלעדאָוואַטעל, זאָלסטו געבען צו וויסען.

דער סטאַנאָוואָי מיט'ן סלעדאָוואַטעל זענען געקומען אויף מאָרגען אין דער פריה, און יעווגעני איז, געזעגענענדיג זיך מיט'ן ווייב און קינד, אַוועקגעפיהרט געוואָרען אין אָסטראָג אַריין.

מ'האָט איהם געמשפּט. דאָס זענען געווען די ערשטע צייטען פון געשוואָרענע ריכטער. און מ'האָט איהם אַנערקענט אַלס צייטווייליגען גייסטיג-קראַנקען און פער'משפּט נור צו אַ קלויסטער-תשובה (פּאָקוטע).

ער איז אָבגעווען אין אָסטראָג ניין חדשים און אין מאָנאַסטיר איין חדש.

ער האָט אָנגעהויבען טרינקען נאָך אין אָסטראָג, האָט געטרונקען אין מאָנאַסטיר און אַהיים איז ער געקומען שוין אַ אָבגעשוואַכטער, אויסגעמאַטערטער אַלקאָהאָליק.

מאַרוואַרא אַלעקסייעוונאַ האָט פערזיכערט, אַז זי האָט עס שטענדיג פאָראויס געזאָגט. דאָס איז געווען צו בעמערקען, ווען ער האָט דיספוטירט. ליזע און מאַריאַ פאַוולאָוונאַ האָבען ביידע נישט געקאָנט אויף קיין פאַל פערשטעהן, פאַרוואָס דאָס איז געשעהן, און זיי האָבען דאָך נישט געגלויבט דערין, וואָס די דאָקטוירים האָבען געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ גייסטיג-קראַנקער, אַ פסיהאָפאַט. זיי האָבען אין קיין פאַל נישט געקאָנט איינשטימען דערמיט, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אַז ער איז געווען אַ מענש מיט געזינטערע געדאַנקען, ווי הונדערטער מענשען, וועלכע זיי האָבען געקענט.

און ווירקליך, אויב יעוונעני אירטעניעוו איז געווען אַ גייסטיג-קראַנקער, בשעת ער איז בענאַנגען דעם פערברעכען ווענען אַלע מענשען אויך אַזוינע גייסטיג-קראַנקע. און די סאַמע קראַנקע זענען, אָהן צווייפעל, די, וואָס זעהען אין אַנדערע מענשען סימנים פון משוגעת, וועלכע זיי זעהען נישט אין זיך.



# אוניווערסאל·ביבליאט...

עס זענען ערשינען:

1 № דזשעק לאנדאן—
פערשטריקט, א שטיק פלייש.

2 № באלזאק—די מאסקירטע
ליעבע.

3 „ מעריק—פּראוואס האב
איך נישט חתונה געהאט
און אנדערע.

4 „ שטײנבערג—
רוסלאנד.

5 „ אָרזשעשקאָ—רינגען,
גדליה א. א.

6 „ העבעל—יהודית.

7 „ הײנע—פלאָרענטינישע
נעכט.

8 „ קאָרטשאַק-מיניאַטורען.

9 „ טאָלסטאָי—דער טײוועל

ס'דרוקען זיך און וו...
ליך ערשײנ...

טאָלסטאָי-דער פּאַ...
הויפּטמאַן—אײנזאַ...
מעטערלינק—מאָ...
נאָמבערג—דער פּ...
ווײסענבערג—אי...

גאָרעליק—סקיצען
ב. שאָו—מענש און
האופּטמאַן—
קאָלעגע
יאַנינאַ באָדוען די...

פּערלען פון דער וו...
טור (אַנטאָלאָגיע)
שטעלט פ...

יעדעס בוך האלט 5—6 דרוק-בויגען מיט א בילד או...
פון אויטאָר.

**פּרייז 10 קאָפּ.**

מיט בעשטעלונגען זיך ווענדען צו

**...ewin-Epstein, Warszawa, Gęsia 5.**